# צום מאָרגנדיקן מאָרגן

## געקליבענע לידער

פון

# שפרה ווייס

אַרויסגעגעבן פון
שפרה ווייס בוך-קאָמיטעט
וועניס - לאָס אַנדזשעלעס
קאַליפאָרניע
1953

SHIFRE WEISS

# *Tzum Morgendikn Morgn*

*Selected Poetry*

שערבלאַט געצייכנט פֿון ק. אייזין


250 Market Street
VENICE, CALIFORNÍA
PRINTED IN U.S.A.



# צום מאָרגנדיקן מאָרגן

אַ גוטמאָרגן, מאָרגנדיקער מאָרגן,
אויף די בערג פון פיין און פון זאָרגן,
בינסטו דער לייכטנדיקער טורעם,
אויף די טרעפּ פון צער און יסורים,
דורך די קאָרידאָרן פון די יאָרן,
זיינען מיינע האָר — זילבער געוואָרן,
נאָר דעם בטחון האָב איך ניט פאַרלאָרן.

מיינע שיפן זיינען געגאַנגען
אין די ימים פון מיינע פאַרלאַנגען.
מיט אַלע קאַיאָרן
בין איך איבערגעבוירן.
אונטער די וואָלקנס
איז קיינמאָל די זון ניט פאַרגאַנגען.

איך לעב מיטן כוח פון דיין ליכט,
מאָרגנדיקער מאָרגן.

## פֿאַראַן אַזוינס אין מיין בלוט...

פֿאַראַן אַזוינס אין מיין בלוט,
וואָס וועט זיך ניט בייטן;
אויפֿבלי־ליכטיקע מינוטן
זיך ציען צו אייביקע ווייטן.

אויב רעגנבויגן איז ניטאָ,
ווערט עס דורך מיין גלויבן באַשאַפֿן.
דורך גיהנם־וועגן פֿון לעבן
לויכט מיר זעאונג ליכטיקער האָפֿן.

האָפֿענונג פֿון מיין שטאַם —
איבער די בערג פֿון אַלע פּיינען.
דורך די חושכדיקע נעכט,
אַ גאַנצע זון וועט נאָך שיינען.

ווען איך בין לבנה בלויז,
איז עס נאָר דעם חושך צו פֿאַריאָגן.
איך שנייד די וואָלקנס פֿון דורות,
עס זאָל וואָס גיכער טאָגן.

דורך דעם גזר פֿון מייניקע
בין איך פֿייער און שטאָל,
און וואו מען דאַרף —
ווער איך זיבן הימלען מיטאַמאָל.

## ביים פּאַסיפֿישן ברעג ים

דאָס האַרץ פֿון ים איז טיף,
טיפֿער פֿון ים מיין שייכות
צו מיינע שכנים זקנים
פֿון מיין שטאָט,
וואָס פֿאַרברענגען ביים ברעג ים
די שפּעטע יאָרן.
זיצן אָפּ טעג,
חלומען אויפֿן קול די יונגע יאָרן:
ווי דאָס לעבן איז געגאַנגען,
געפֿלויגן, און וואָס איז געוואָרן.

וואָרצלען פֿון וואַלד פֿון מיין שטאָט:
איך פֿיר אייך ניט אין ליד
צוליב גראַם.
איך בין אַליין פֿון אייך אַ צווייג, אַ גליד,
מיינע אויערן ווערן ניט מיד,
פֿאַרנעמען אייערע רייד;
לאַכט איר, ווער איך דערפֿרייט.
וויינט איר, וויין איך מיט,
איך לעב מיט אייער געמיט.

מיינע שכנים־זקנים:
איך זע ניט אויף אייך קיינע חטאים,
קיינע עבֿירות;
אין אייערע צעקנייטשטע פּנימער
לייען איך לעבנס תּורה.
איך פֿאַרגעס אַז איר זייט אַלט —
צעגרינטער וואַלד פֿון מיין שטאָט.

באַבראָנזט, באַווירצט אין פּלאַם
מיט זאַלץ פון ים,
זע איך אין אייך כלות און חתנים,
אַקאָרשט תנאים געשריבן.
ווי נעכטן וואָלט עס געווען,
אונטער חופּות געשטאַנען,
אַרומגערינגלט מיט מחותנים.
חלומות ווי סאַמעט און זייד געוועבט,
משפּחות געהאָדעוועט,
אייניקלעך דערלעבט.
ניט באַמערקט זיינען די יאָרן
פון די הענט ניט געוואָרן,
ווי אָדלער פאַרפלויגן,
ווי רעגנבויגן, אָדער כוואַלעים,
וואָס רייסן די ברעגן.

איך קוק אַריין אין אייערע אַלט־יונגע אויגן,
בין מיט אייך געגלייכט און געבויגן,
ניט פאַרענטפערטע פראַגעס וויגן זיך אַרום אייך—
צווייגן פון בוים פון מיין שטאַם.
איך זיץ מיט אייך אויס די טעג
ביים ברעג ים,
אויף זאַמד און אויף ביינק,
מיט אייך באַנאַנד איך בענק.

איר אַנטפּלעקט פאַר מיר וועלטן:
קרומע, גלייכע, אָרעמע, רייכע;
דאָס האַרץ מאָנט נאָך אַ חלום דערוועבן,
ווייסע כוואַליעס כלות,
אין אייביקן באַוועגן,
אפשר קענט איר זאָגן
וואוהין ציען די שיפן פון לעבן?

# גרענד קעניאָן

גרענד קעניאָן,
וויפיל וואַסערן זיינען אין דיינע פאַלדן געפלאָסן,
דיין פיל־פּנימדיקן פּנים געוואַשן ?
דיינע זיגזאַג שטיינערנע וועגן קנייטשן
זאָל די נשמה ביז ווייטאָק רייצן.

וויפיל מאָל האָט די ערד זיך געדאַרפט איבערדרייען,
וויפיל ווינטן און שנייען זיינען אין דיר געפאַלן ?
פאַר די טיפענישן פון דיינע טאָלן
זאָל מען ווערן מיט אימה באַפאַלן.

וויפיל מיליאָנען יאָרן האָט געדויערט
ביז דו ביזט געוואָרן,
פאַרכישופטער גיגאַנט, וועלכע הענט
האָבן געשטיינערט דיינע פּיראַמידן־ווענט ?

ווילאַנג האָט צייט דיינע פּאַלאַצן געבויט,
איבערגעבויט טורעם אויף טורעם ;
וויפיל שטורעם האָט אין דיר געשטורעמט,
דיך געפורעמט און איבערגעפורעמט ?

וויפיל מאָל האָבן זיך די הימלען געשפּאָלטן,
אויסצוריזיקן דיינע געשטאַלטן ;
קאָלירטער וואונדער דיין ריזיקייט
קען קוים מיין האַרץ אויסהאַלטן.

וויפיל זונען זיינען אין דיר אַריינגערונען!
ווי אין טיפסטן ברונען קוק איך אין דיר,
מיט געמיט פון דורות פאַר מיר
בין איך אַרום דיינע ברעגן געגאַנגען,
מיט צער און פריידיקע פאַרלאַנגען.
נישטיק און קליין, געפּרואווט פאַרשטיין
דיין גיגאַנטישן חן.

גרענד קעניאָן — אַ לעבן-לאַנג
איז געווען ביי מיר אַ פאַרלאַנג,
קומען מיט דיין וואונדער זיך באַקענען,
וויפיל איך פּרואוו דיך באַגרייפן,
ביסטו מיר פרעמד געבליבן,
ווי די הימלען אַלע זיבן.

## זעגלען

זעגלען, מיינע זעגלען,
זוכן מיינע שיפן;
שיפן מיינע שיפן,
אין אַלע ימען וואָגלען.

ימען, מיינע ימען,
ביי אַלע וועלט-ברעגן,
טרינקען מיינע וואָלקנס
און לאַכן אויס אַ רעגן.

אויף ווייטע-נאָנטע וועגן
מיינע קוואַלן גיסן;
פעלדער פולע זאַנגען —
מיינע אויגן קושן.

רייפע קאַרשן-צייטן,
מיינע זעגלען רופן,
גייען אַנטקעגן
מיינע פולע שיפן.

## אין וויל זיין

איך וויל זיין נאָנט
מיט די ליכטיקע ווייטן,
ווי דער טינט וואָס האָט געדינט,
די טייערע מענטשן פאַרצייטן.

זייער חכמה זאָל מיינע וועגן באַשיינען,
ברכה מאַכן אויף דורותדיקע וויינען,
די היינטיקע זון זאָל אויף מיר
ליכטיקער שיינען.

מען זאָל אויסקומען אָן פולווער,
אָן בליי.
מיט מיין דור וויל איך איבערשאַפן
די וועלט אויפדאָסניי.

מיט אייביקער נייקייט וויל איך זיין נאָנט,
ס'זאָל זיין ווי מיין האַרץ אין מיר מאָנט.

## היינט

ליכט פון מיינע נעכטנס
לייכטן די ווינקלען פון מיין היינט.
חלומות פון מיינע נעכטנס —
מיינע היינטיקע וואָרן.
פון מיינע נעכטנס די טרערן —
מיין היינטיקער פאַרמעגן.
אין דעם ברויט פון מיין היינט —
נעכטיקע זון און רעגן.
איז מיר היינט וואויל און גוט צו זאָגן:
איך נעם מיינע זין פאַר די הענט
און פיר זיי אויף מאָרגנדיקע וועגן.

# איך וואָלט וועלן זיין...

איך וואָלט וועלן זיין, ווי די זון,
שיינען אויף הויכע און נידריקע דעכער,
טאָלן מיט ליכט אָנגיסן,
ווי געטראַנק אין גאָלדענע בעכער.

זאָל מיין האַרץ מיך פירן,
זיין אַ שליסל צו פענצטער און טירן;
זאָל גאָט מיט קלאָרקייט מיך בענטשן,
וואָס עס קומט מיר אָנטקעגן,
זאָל איך בלייבן צווישן מענטשן.

ווי כוואַליעס וואָס רייסן אין טיפן
און זעגן די ברעגן,
זאָל איך קיין חשבון ניט דאַרפן געבן,
וואוהין עס ציט מיין פשוט לעבן.

איך זאָל כוח האָבן צו פאַרשטיין און פאַרגעבן
אין טעג און נעכט, ווי חלפים, וואָס דערקוילן ניט,
זאָל איך ווערן פאַרבליט אין אייביקייט,
ווען איך וועל מיינע אויגן פאַרשליסן,
זאָל נאָך מיר זון בלייבן —
מיין געלעגער מיט שטראַלן באַגיסן.

# אונדזער גלאָק

אונדזער גלאָק,
ווי קיילעכדיקע דונערן,
צעטרייסלט רואיקע אין היימען,
זאָגט בשורות די וועלט אויסצוהיילן.

פון די קעפּ פון די טורימס
ביז די טונקעלע היילן
טראָגן זיך אונדזערע גלאָקן,
וואונדער־מעשׂות דערציילן.

אונדזער גלאָק,
מיט פולבלוטיקן צונג,
קלינגט רוף צו מיליאָנען,
קלינגט אַריבער די אָקעאַנען.

אונדזערע ניט דערזונגענע געזאַנגען,
אונדזער האָפענונג, אונדזערע פאַרלאַנגען!
אַריבער דעם געוויין פון אַלע צייטן,
אַריבער אַלע גזרן
וועלן די וואָלקנס פאַרגיין,
די זון וועט בלייבן, טאָג וועט ווערן.

# מורא

מורא איז אַ שטעכעדיקע פּרי,
ס׳פאַרקנעכט צו בייז און אומרעכט.
געדעכט זיינען געווען די אבות,
אין צייט פון גזרות,
אָן מורא געלערנט תורה.

מיין גלויבן אויף אַ נייעם אופן:
פון די פראָנטן ניט אַנטלויפן.
שטאָל און אייזן מיין בטחון,
ס׳וועט קומען דער נצחון.
נצחון אונדזער מאַכט
וועט אויסשטעכן די אויגן
פון דער נאַכט.

אוים נאַכט, אוים חושך,
נאָך בייזן ווינטער וועט קומען פּסח.
דורך די שרה׳ס, לאה׳ס און משה׳ס
וועט זיין אַ נייער בראשית.

די זון וועט רונדן און וועט העלן,
אין די טאָלן, איבער שוועלן;
פרילינג וועט באַפעלן:
וואָר זאָל ווערן אונדזער חלום;
אַ וועלט פון יושר און פון שלום.

# ראָזע לוקסנבורג

אָדלער אין הימל,
דורות וועלן דיך שפּירן,
פירערין, מאַרטירערין,
ס'וואָלטן געקענט שפּילן אויף קלאַווירן
דיינע מאַמע־הענט
זיינען זיי געווען פול מיט וועלט.
דיין שטודירן וואָלט דערגאַנגען
די מילך־וועגן,
„אויב ניט נאָר העכער"...
האָסטו זיך פאַרנומען מיטן בעכער פיין,
שוך און קלייד און ברויט זאָל זיין;
וויין פון געשליפענער קאַרעפינע,
ווי דער צאַרטער נאָמען
פון דיין מאַמע לינע.
דאָס העכסטע האָט פון דיר דערוואַרט
דיין טאַטע עדוואַרד,
נאָר דו ביזט אַלע דערוואַרטונגען
איבערגעשטיגן;
געמאָנט פרייהייט,
אפילו פאַר פויגל אין שטייגן,
מיט געטרייהייט צו די געליטענע,
האָט דיין מענטשלעכע האַרץ געלויכטן.
די וועגן פון צייטן
פינצטערנעם אויף זון צו בייטן,
לויכטן פאַר אונדז אונטער די וואָלקנס.
דיין מוט קעגן פינצטערנעם און קריג,
דיין וואָר — אונדזער חלום.
דור נאָך דור גייט דיין גאַנג צום זיג,
צו וועלט פון יושר און שלום.

# הגנה

צוויי טויזנט יאָר
האָט מען קנסמאָלן געשריבן,
יאָ, צי ניט געקליבן
חתנים האָבן כלות גענומען,
כדי איר, העלדישע טעכטער און זין,
זאָלן אויף דער וועלט קומען.

דורות האָבן מיט יוגנט געבליט,
ווי אויגן אין קאָפּ.
קינדער געהיט, די אָבות האָבן זיך געמיט.
ווען אויף דער ערד איז חושך געווען
האָבן די הימלען מיט האָפענונג געבליט.
זיי האָבן געזען —
אונטער די וואָלקנס די זון,
דער נס וועט געשען.

באָבעס און זיידעס מיט הייליקן גלויבן,
די אויגן פאַרשלאָסן אויף גוססע ליפּן
מיט „שמע־ישראל" פאַר קינדער געלאָזן;
שליסלען און שלעסער,
איר זאָלט זיין שטאַרקער,
איר זאָלט זיין גרעסער.
זיי זיינען אַוועק מיט הייליקן חלום,
אייער בלוט, אייער לעבן
צו געבן
פאַר יושר און שלום,

וואו מיט הארץ
און וועז נויטיק, מיט האנט ;
איר זאָלט צעברעכן די וואַנט,
די חיות פאַריאָגן,
אָפּנעמען אונדזער לאַנד.

איר האָט באַוויזן :
מיר זיינען ניט מער קיין „באַהאַלטער";
מיר ווייסן ווי צו האַלטן
פּולווער און שפּיזן
און ימים צו שפּאַלטן,
די הימלען ווי העמדער צעריסן,
די שונאים מיט די ציינער צעביסן;
אַרמייען מיט בייטשן פאַרטריבן.
אייך איז געראָטן
ראַטעווען אונזערע צען געבאָטן.

אייביק וועט איר בלייבן
אונדזער ליכט־טורעם,
אונדזער שכינה
אויפן באַרג סיני,
אונדזער אייגענע מדינה.

## עמאַ לאַזאַרוס

פּאַטעסע פון געפּייניקטן שטאַם,
דיין האַרץ אין ליד, אין גראַם,
לויכט איבערן ים —
באַגריסט די געליטענע, די געפּייניקטע,
ביי די גראַמע ברעגן פון די שטאַטן,
צו אָטעמען פריי
אויף געטרייער אַמעריקאַנער ערד.
דיר איז באַשערט צו באַלויכטן
די פרייהייט־סטאַטוע ;
מיט אונדזער יחוס
האָסטו באַנייט די לוחות.
דיין רוף צו די הונגעריקע,
די מידע, האָט דיין האַרץ גערעדט,
ס'זאָל חלילה ניט ווערן צו שפּעט ;
די יאָרן זאָלן סתם ניט פאַרפליען,
דער פאַקל פון פרייהייט
זאָל ליכטיקער גליען.
דיין רוף זאָל מען דערהערן
איבער די ים'ען,
מענטשן פון אַלע שטאַמען
זאָלן די שעה ניט פאַרזאַמען.
אונדזער דור זאָל דערפירן
צו וואָר, דיין חלום.
זאָל די וועלט אויפגעריכט ווערן
מיט יושר, גליק און שלום.

# מײנע כװנות

מײנע כװנות —
פלאַטערדיקע אַלבאַטראָסן,
אין די שטורעמס
פון פײן און פאַרדראָסן,
צװישן הימל און ערד
פון „פאַרװאָסן".

מיט אונדזער בלוט
די ימים איבערגעגאָסן;
די ערד — מיט אונדזער בײן,
און איך װיל דערגײן
מיט די הימלען זיך פאַרשטײן.

אויב מענטש איז פון חיהשע זריעה,
זאָל װידער זײן תוהו ובוהו!
אויב װעלט מוז שחיטה־הויז זײן.
גאָט, װאָס שטעלסטו זיך ניט אײן?
דיר איז אויך ניט גענוג אונדזער פײן?!

נעם מײן לעבן צושטײער
פאַר אַלע, װאָס זײנען מיר טײער;
פאַרן טאָג, פאַר דער שעה,
װען מענטש און גאָט
װעלן אײנס װערן,
װעלן מײנע כװנות מקוים װערן.

# דבורה די נביאה

דבורה איז אויפגעשטאַנען תחית המתים,
געוואָר ווערן אירע אייניקלעכס מעשים.
זי קען אין קבר רואיק ניט שלאָפן —
וואָס האָט אויף דער וועלט זיך געטראָפן.

די זיידענע שנור, וואָס זי האָט געשפונען,
האָבן דורות דעם ברעג ניט געפונען.
זי האָט געגאַרט דעם באַגינען,
די רשעות פון דער ערד זאָל אַנטרינען.

די זון זאָל אויפגיין, די שעה קומען,
מיט ליבע די וועלט אַרומנעמען.
איר נאָמען, אירע פאַרלאַנגען —
ווי לאַזט מען פאַרשעמען!

ווי דערלאָזט מען הײשעריקן,
די מלאכי־חבלה,
פירן מלחמה און זאַט ניט ווערן
פון מענטשלעכן פיין און טרערן?

פאַרוואָס איר רוף ניט דערהערן,
דעם גיהנום אויף גן־עדן איבערשאַפן?
וואָלט מען מיט יושר געלעבט,
וואָלטן די אבות רואיק געשלאָפן.

# י ש ר א ל

מיין בייגקשאַפט צו דיר,
ווי די הימלען איבער דיר,
פון ווייטן פריער,
פון פאַרצייטן, ווי דיין ערד.

מיך האָט געצויגן צו דיר
איבער די בריקן פון דורות;
בשמים־ריחות
פון פאַרמעטענע תורות.

איך האָב דיר געלייענט
ווי דעם נס פון מגילת אסתר,
ווען דו ביזט געווען אונטער שלעסער
פאַרשלאָסן,
האָב איך אין טייך נילוס
מיינע אויגן געוואַשן.

דורך וואָלקנס דיך דורכגעזען,
אין זוניקע חלומות,
ווי אַ שטורעם־פויגל
איבער די בערג אַרומגעפלויגן.

אין דיינע טאָלן זיך געקאָרטשעט,
געבויגן, שטיינער געהאַקט;
געגלייכט און געשרומפּן,
געטריקנט די זומפּן.

די העלדן וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען,
דאָס לאַנד צו באַפֿרייען, געוואוסט,
האָט מיין האַרץ זיי די אויגן געקושט.

באַפֿוילן פֿון שרה, רבקה,
רחל און לאהן,
האָב איך די פֿעלדער
געהאָלפֿן זייען;

אין דיין געבוירן ווערן
אויך מיינע מאַמע-ווייען —
איז די שעה געקומען זיך צו פֿרייען.

טאַנץ איך אויך אין האָרע-טאַנץ,
מיין געמיט געוואָרצלט
מיט די ביימער אין פֿלאַנץ.

די אָבות האָבן זיך געמיט,
וואָס איך בין אין דערמיט,
מיט די קינדער אין קאַראַהאָד,
אין טאַקט צום לאַנדס געבאָט.

בליט מיין האָפֿענונג,
מיט די סעדער, מיטן וואונדער
פֿון מיין דור —
וואָס מיר האָבן דערלעבט
אונדזער חלום אויף דער וואָר.

ווי דעם נגב'ס ביינקשאַפט
אין לבנה־נעכט,
ווייל איך ווערן אויפגעריכט,
געווינען דעם געוועט,
פאַרמאָגן דעם אוצר — אַ בילעט.

זאָל חלילה ניט ווערן צו שפּעט
צו קומען אָנקוקן מיט מיינע אויגן,
באַטרעטן די ערד,
צוויי טויזנט יאָר צו דיר געצויגן.

דיך קושן מיט אַלע מיינע חושים,
אין דיינע טויען זיך פרישן,
מיטן גם פון מיין דור;
מיין ליבשאַפט צו דיר,
ווי די הימלען איבער דיר.

## מיין גורל

אויב מיין גורל
נאָר אַ רגע
נאָר מיט דיר;
טאָ זאָל די רגע,
ווי אַ דימענט,
דורכשניידן מיין בענקען;
אָדער ווי אַ פּערל זאָל עס לויכטן,
מיין גאַנצן לעבן צו געדענקען.

## צו מיינע שוועסטער

מיין שטוב איז פול מיט זון:
אַ בריוו איז אָנגעקומען פון מיין זון.
איך לייען שורה נאָך שורה —
די ליכטיקע בשורה!

ער איז באַפרייט פון דער אַרמיי,
ער וועט זיך לאַנג ניט זאַמען;
ער פליט אַהיים
צום לאַנד פון טאַטע־מאַמען.

איך דריי זיך מיטן נס
אין מיינע הענט;
טאַנצט מיט מיר דער דיל,
דער דאַך, די ווענט.

פון אַלע נסים איצט מיין גרעסטער,
יאָג איך צו מיין ברודער,
פלי, אָנזאָגן מיין פרייד
מיינע שוועסטער.

בלייבט מיין האַרץ מיר שטיין:
ווי זאָל איך צו זיי קומען?
צו זיי זיינען אַנדערע בריוו געקומען...
זייערע טייערע וועלן שוין ניט קומען,
וועל איך מיין גליק פאַר זיי פאַרשטומען.

ניין, אזוי קען איך ניט זיין!
זיי מעגן וויסן;
עס ווערט מיין האַרץ צעריסן —
איך לעב מיט זייער פּיין.

ווען איך מיין גליק מיט זיי זיך טיילן,
זיי זאָלן טרייסט געפינען —
דאָס לעבן פון מ י י ן קינד
זאָל איך זייערע וואונדן היילן.

## מענטש מיט מענטש

איך קען אויף מענטשן
ברוגז ניט זיין,
עס וויינט אין מיר
אייער געוויין.

ווילט איר יאָ,
צי ווילט איר ניין —
וויינט אין אייך
אויך מיין געוויין.

צייט ציט צו
אַ באַרג צו אַ באַרג,
אַ שטיין צו אַ שטיין;

מענטש מיט מענטש
מוז זיך פאַרשטיין.

מיין האַרץ איז געבענטשט
מיט קדושה-גלויבן,
אַ וועג אַהין, אַהער אַ וועג —
די ליבשאַפט מוז קומען,
איבערציען די וואָג.

אַזוי ווי דער פרייליג,
די ערד אין בליאונג, אין גרין —
וועט וואַקסן דער זין
פון אַלץ וואָס איז שיין.

## עדנאַ סעינט ווינסענט מילעי

עס קומט אוים אַזוי,
ווי פיר איז צוויי מאָל צוויי.
דו ביסט געשטיגן און געשטיגן,
פון דיינע חלומות
זיינען איבערגעגאַנגען די קרוגן.

גאָלדענע זאַנגען, רייפע פעלדער—
דיין וואָר.
געליבטע האָבן דיר ניט געפעלט
פאַר דיינע צונטער־רויטע האָר.

דיינע אויגן שפיגלען
שטורעמס פון דיינע גלידער;
פאַרערט פון דיין דור,
דיינע וואונדערלעכע לידער.

פאַרוואָרצלט פון פריער
צום וויטן שפּעטער;
ווער האָט אין מיטן בליען
אָפּגעטרייסלט פון דיין נשמה־בוים
די בלעטער?

פון די הימלען דיך אַראָפּגעפירט,
פאַרשטעלט די זון,
אויסגעלאָשן די שטערן,
האָסט ניט געהאַט קיין כוח זיך צו ווערן
קעגן פינצטערנעם פון נאַכט?

ניט געהאַט די מאַכט,
דעם בייזן שונא, צווייפל, צו פאַריאָגן;
ניט פאַרשטאַנען אַז נאָכן חושך
וועט ווידער טאָגן.

פּאָעטעסע פון גאָלדענעם דור,
פון לייענער מיליאָנען,
האָסט ניט פאַרשטאַנען
איז דיר ניט געווען קלאָר:
אַז זון איז נאָר צום שיינען ?
דער קינסטלער זיין פאָלק צו באַדינען,
וועגן געפינען
צו באַדינען דער וועלט.

קאָלעגין מיינע, דיין זעאונג
איז געוואָרן פאַרשטעלט.
דיר האָט גלויבן געפעלט.
וואָלסטו געקענט מיין וועלט,
דעם טאָל פון אונדזערע ביינער,
וואָס מען האָט געברענט און געבראָטן,
אָבער אומברייגען איז די שונאים
ניט געראָטן.

איך בין דורך מייניקע איבערגעבוירן,
געבענטשט מיט גאַנג צום מענטש,
מיט זעאונג צום מאָרגן,
טיפער פון חלום, די וואָר;
שטאַרקער פון טויט איז דער מאָרגן.

## וועלט

וועלט,
איך זוך דיין אַדרעס!
רונד אַרום זיינען זומפּן,
אין זומפּן גרילצן פרעש . . .

אומעטום וועלדער,
שטאָט, בוימער, וועלף און לייבן,
היט איך אָפּ מיין פאַרמעגן,
מיין האָפענונג און גלויבן.

מיינע אויסגעחלומטע טויבן
טראָגן אין זייערע פליגל
מיין לעבן ווי אַ נס.
איך זוך דאָס האַרץ פון דער וועלט,
פאַר מייניקע — אַ ברעג, אַן אַדרעס.

וואו צו פלאַנצן מיין האָפענונג,
מיין יושרדיקן חלום;
פאַר מיין פאָלק אַ לאַנד,
פאַר די פעלקער —
גערעכטיקייט און שלום.

ס'מאָנען דורך מיר די קדושים
זייערע לעבנס צוריק.
'שטאָט שטיינער, זאָל מען זיי שטעלן:
אַ וועלט פון שלום און גליק.

# אסתר המלכה

אסתר המלכה —
ס'לויכט פֿאַר אונדז דיין הייליקע געשטאַלט,
ס'לאָקט אונדז דיין „דאָלע",
ווי דו האָסט געבראַכט
אויף המנען די מפּלה.

דיינע וואונדער־טאַטן
אין דער מגילה,
ווי דו האָסט פֿאַר אונדזער פֿאָלק
געבראַכט די גאולה.

נאָר המנען האָט די ערד
ניט גענומען,
אין יעדער דור
איז אַ נייער המן געקומען.

מיט בליי און בלוט
און טויטן סם,
טרעבלינקע, גאַז־קאַמערן
פֿאַר אונדזער שטאַם.

דאָך דאַנק איך גאָט
פאַר די אסתרס וואָס זיינען געבליבן ;
נייע מגילות פאַר דור־דורות
געלעבט און געשריבן.
די ערד איז געבליבן
אין די הימלען אַלע זיבן.

שרה, רבקה, רחל און לאה,
און די מלכה אסתר;
טייערע מאַמעס, באָבעס און שוועסטער,
האָבן פאַרשטאַנען צו זיין פאַרטיזאַנען
ביים זייט פון חתנים.

פון מענער און ברידער,
דורך טאָג און דורך נאַכט,
זיך צושטייער געבראַכט,
צו המנס און היטלערס
אַ סוף געמאַכט.

וועט איר בלייבן
אונדזער אייביקע תפילה ;
דור נאָך דור וועט אייך לייענען
אונדזער שלום־מגילה.

# חלומות

איך בין די טאָוולען
פון מיינע חלומות.
ווילדע שטורעמס האָבן צעריסן
מיינע הייליקע שמות.

מיינע זיידעס
האָבן געשריבן תורות,
האָב איך עס געהיט,
ווי די זון היט פרילינג־בליטן;
געהאַפּט אויף רייפע פּירות.

די האָגלען פון לעבן
מיינע שויבן געשלאָגן;
געריסן די שמות,
אין זומפּן פאַרטראָגן.

באַשטייט איצט מיין לעבן
אין אותיות קלייבן,
צו ראַטעווען מיינע חלומות...
פאַרברענטע תורות איבערצושרייבן.

# לעבן

איך שפּראָץ אַרויס פון לעבן,
ווי אַ פלאַנץ דורך אַ שטיין;
ס'ציט מיך צו ליכט,
צו זון און איר שיין.

מיין זיין מיט רעגן און שניי,
וויכער־געדריי —
האָט ניט קיין שליטה איבער מיר,
די שליסלען פון אייזערנער טיר.

פרילינג אין מיר
לאָזט פון בייז ניט קיין שפּור;
געבענטשט מיט אימפּעט,
מיט ליבשאַפט צו מענטש.

פון שטיינערנעם לעבן
בלי איך אַרויס,
געצויגן צו זון —
אין ווינטער אַ פלאַנץ.

# צו פרילינג

אין מיטן ווינטער,
אין פראָסט און געוויטער,
פֿאַל איך ביי זיך ניט אַרונטער.

ס'דערלאָזט ניט מיין האַרץ
אָנווערן האָפֿענונג און גלויבן,
אויף פֿאַרפֿרוירענע שויבן,
מיינע ווייסע טויבן, זאָגן אָן
די זון איז פֿון אויבן.

געשטאַרקט מיט אַ גאָלדענעם גלויבן,
דעם פֿיין בייצוקומען,
זע איך פרילינג וועט קומען,
גרינען די גראָזן, בליען די בלומען.

בוימער מיט נייע קליידער-בלעטער
זאָגן צו זאַפֿטן פֿון רייפֿע פּירות,
טרינק איך לחיים צו נייע דורות.

מאַך ברכה צו דער וועלט
פֿון ווייטן שפּעטער,
מיט פרילינג פֿיבער
בין איך בכוח צו זען,
אַז דאָס בייזע וועט אַריבער.

# מיינע טונקעלע שוועסטער

שוועסטער, נעגער, ברידער,
מיינע זיידעס פון גמרות,
מיינע באָבעס פון סידור
האָבן מיר ניט געלערנט
צו זיין מיט אייך קידער־ווידער.

טונקעלע טעכטער און זין,
איך זע אייך באַבלומט, באַבראָנזט
פון אוראַלטער זון,
פון אַפריקאַנער ערד אַ פלאַנץ,
אַ פּאַלמע־מענטש.

אייער בלוט ריזלדיק רויט,
ווי מיינע אין צער ס׳וויינט
אין פרייד ס׳פרייט,
אייערע אויגן ווייסלען
פון שוואַרצע קאַרשן
בליאונג ווייסער.

אייער געזאַנג און טאַנץ,
רייץ און חן,
אייער געלעכטער
און געוויין;
אייערע פאַרלאַנגען
טייכן פליסן,
גיסן זיך אַריין אין פעלקער־ים.

איך בין אויך אַ טאָכטער פון אַ שטאַם
פון דורות געדודפט ;
מיר איז גרינג אייך צו באַגרייפן,
צו לייזן פון אייערע העלדזער די שלייפן.

פאַר'נדר'ט, פאַרברידערט,
ביי די שוועלן פון צייט,
ברענט אונדזער חלום,
די וועלט איבערשמעלצן
פאַר ליבע, יושר און שלום.

## שטאַרקט זיך נאָך דער ווייַן

אין מיין בלוט
שטאַרקט זיך נאָך דער וויין,
וואָס מיין טאַטע האָט ברכה געמאַכט.
אין מיין האַרץ
טוליענען זיך טויבן
פון מיין מאַמעס תפילות.

אין מיינע איינגעלייגטע לאָקן
ציטערן מיין באָבעס גוטע פינגער
און איר בענטשנדיקע האַרץ
רייצט מיר צו דעם וועג.
אפשר דעריבער בלייבן מיינע טריט
ניט שטעקן אין זאַמד פון מיינע וואָכעדיקע טעג ?
עס ציט מיך צו דעם יום־טוב וואָס וועט נאָך זיין;
מער און עכטער וועט ווערן דער וויין —
אויף נייע ברכות.

# זון

זון, זאָג:
קענסטו באַגרייפן
דאָס גליק,
וואָס דיינע שטראַלן,
דיין ליכט
איז ניט צום פאַרקויפן?
לויכסט, ברענסט און העלסט
צו להכעיס דער חושכדיקער וועלט;
גיסט דיין גאָלד מיט פולער האַרץ,

קעגן פינצטערניש פון וואַלד;
איבער געוואַלד די שדים,
וועלכע גאַרן פרעסט און קעלט.

זון, איך לערן זיך ביי דיר,
טרינק דיין שיין
אויף בערג פון פיין,
מיין גאַנג זאָל ליכטיק זיין.
ניט דורך גוף בין איך בכוח
איך שטייג דורך האַרץ און מוח,
דאָס גליק וואָס ווייסט ניט פון צוריק.

צום פרילינג פון אַלע פרילינגס,
וואָס וועט צעבליען שוואַרץ אויף גרין,
דער מענטשן־פלאַנץ, זין פון זין, וועט קומען,
פון די וואָרצלען ביז די צווייגן,
שטייגן די באַגריפן,
די זעאונג איז געשליפן,
מיט דער האַנט צו דערלאַנגען אונדזער חלום;
די זון גייט אויף,
באַלויכט די וועלט מיט ליבע, יושר און מיט שלום.

# פליגל

גאָט האָט מיך באַשאַפן
מיט פליגל,
אין אַ לעבן פון שטיין
מיט פעך און מיט ציגל.

בין איך פאַרפּלאָנטערט
אין אייגענע פליגל,
גוטע לייט
האַקן מיינע פליגל,
מיך אויסצולייזן פון בייזן,
ווייסן ניט און ווילן ניט וויסן,
ווי מיין האַרץ ווערט צעריסן;

ווי איך וויל באַווייזן,
ווי איך פּרואוו דערגרייכן
אַלע הימלען, הויכן,
גייט מיר יעדער פליגל אָפּ,
דאַנק איך דיר גאָט,
וואָס פאַר יעדער אָפּגעהאַקטן פליגל
גיסטו מיר אַ נייעם אָפּ.

## אַ תּפילה צו מיינע הענט

אַלע מיינע יאָרן
זייט איר ניט מיד געוואָרן,
ווי אַ מאַמע באַדינט,
מיר און מיין הויזגעזינט.
געציכטיקט, געראַמט,
ווען דאָס האַרץ האָט געפלאַמט
מיינע באַגערן ווי פויגל
נאָכגעפלויגן.
געפוצט די ווענט,
געקאָכט, גענייט,
ווען ס׳ניט געווען
קיין ברויט,
האָט איר סייווי דעם טיש
געגרייט,
מיטן ווייסן טישטאָך דערפרייט.
אין פרייד און אין פיין
מיך ניט פאַרלאָזן,
וואָס האָט איר זיך איצט
גענומען בלאָזן, שטייפן ?
עס איז ביטער צו באַנעמען,
צו באַגרייפן —
זאָל די שעה ניט זיין,
ווילט איר מיר פאַרשעמען,
פאַרלאָזן ?
וועל איך איבער גאָרער וועלט
אַ רפואה וואו זוכן, געפינען,
איר זאָלט ווידער מיך דערפרייען,
ווי זון־אויפגאַנג דעם באַגינען,
מיינע הענט, מיינע אויגן —
אָן אייך איז געוועןנט מיין לעבן.
מיטן גאַנצן האַרצן בעט איך אייך:

זייט מיט מיר גוט,
מיין פלייש און בלוט.
פאַרלאָזט מיך ניט, אין מיטן לעבן,
נאָך אַזויפיל פאַראַן צו גאַנצן, צו וועבן.
איך בעט ביי אייך,
איר זאָלט מיין תפילה דערהערן,
ווי נאַכט אָן אַ שטערן
איז צו קלערן
זאָל ניט זיין די שעה אָן אייך,
וואָס וועט פון מיין לעבן ווערן?

## צו מיינע זין

ווי זאָל איך, מיינע זין,
אייך געבן צו פאַרשטיין,
וויפיל יאָרן
עס האָבן טאַטע-מאַמע
זיך באַמיט,
געקושט אייערע טריט
אין פרייד און געוויין,
איר זאָלט וויסן אויף וועלכע וועגן
זיכער צו גיין.
געזייט אין אייער געביין —
איר זאָלט באַנעמען,
פאַרשטיין,
וואָס „מצוה" איז און וואָס „עבירה",
און אַז תורה איז די בעסטע סחורה.
מענטשלעכער באַנעם,
נאָך מער ווי פאַרשטיין,
איז צו באַנעמען יושר,
גערעכטיקייט און פרייהייט
און לעבן אַ לעבן
פאַר שלום, פאַר פרייהייט.

## אין שפּיטאָל

ווי מוראַשקעס קריכן די געדאַנקען,
ליגנדיק אין אַ צושטאַנד קראַנקן.
מיין האַרץ אַרום יעדער קראַנקן-בעט,
איך קוש און איך גלעט.

יאָמערן אין מיר אַלע חולאים,
פאַר וועלכע חטאים
ליגט מען דאָ ווי אַ ברעט;
דערזע איך מיט מיין זיבעטער אויג
טויט און לעבן-געוועט.

מיין האַרץ אין ווילדן געיעג,
בעט נאָך אַ רגע, נאָך אַ טאָג.
אַ יאָר נאָך אַ יאָר
גייט אויף ווי זון די וואָר,
ווען דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר.

מיט די לעצטע כוחות קריך איך
אויף די בערג פון לעבן;
אַרויף, אַרויף בליצן געדאַנקען,
פאַרלאַנגען גלויבן —
לעבן בלייבן, בלייבן לעבן.

## אויסגעטראַכט

מען האָט אויסגעטראַכט:
איך האָב זיך אָפּגעשיידט, געשטאָרבן.
האָט אַ ווינט די נייעס צעווייט,
האָט מען וועגן מיר זיך גענומען זאָרגן.

געפילן אין דער טיפעניש פאַרבאָרגן,
האָבן צישפּילט און געמאָנט,
אפילו ביי אַזוינע וועלכע
האָבן ביים לעבן זיך ווייניק אָן מיר דערמאָנט.

די וואָס האָבן מיך געקענט,
האָבן באַטאָנט: ס'קען ניט זיין!
איך שטיי זיי פאַר די אויגן,
מיט טרויער פון דער נאַכט
און פון דער זון די שיין.—
אָט עפנט זיך די טיר, איך קום אַריין.

וואו ניט ווער האָט פאַרגאָסן
וועגן מיר אַ טרער,
שבחים געזאָגט,
מיר צוגעשריבן מעלות
וואָס איך האָב ניט פאַרמאָגט.

אייניקע זיינען מיט גוטע מעשים
געווען גרייט,
אין אָנבליק פון טויט
קוק איך מיר אַרום,
פאַרוואָס איז דאָס לעבן אַזוי פאַרדרייט,
קרום,
און אַזוי גלייך באַשטימט דער טויט?

# אויגן

אַזוי איז עס געווען,
אַזוי איז עס פֿאַרפֿלויגן,
וואו איך בין געווען,
זיינען ראָבן אַנגעפֿלויגן.

האָב איך פֿאַר די ראָבן
מיין קאָפּ ניט געבויגן.
מיט אָפֿענע אויגן פֿאַרנומען, באַנומען,
וואָס ס'איז געקומען מיר אַנטקעגן.

אַזוי איז עס געווען,
אַזוי איז עס פֿאַרלאָפֿן,
וואו איך בין געווען,
האָב איך וועלף אַנגעטראָפֿן.

האָט מיך גאָט געבענטשט
צו ליידן און פֿאַרשטיין,
כדי זיך צו ראַטעווען
פֿון וועלפֿישע ציין.

אַזוי איז עס געווען,
אַזוי איז עס געגאַנגען —
אויף די דעמבענע ביימער
פֿון מיינע פֿאַרלאַנגען

האָבן בליצן געבליצט
און ניט געטראָפֿן,
זיינען יאָרן געפֿלויגן,
וואַסערן געלאָפֿן.

און וואָס עס האָט געטראָפֿן
איז מיר געראָטן איבערבויגן
צו זען וואָס וועט זיין,
ווי איך וואָלט זיין אינגאַנצן אויגן.

# וואַרט נאָך

וואַרט נאָך פעלד
מיט דיינע פיר איילן,
וואַרט נאָך אַ שטיקל צייט.
צו וואָס זיך איילן?
איך וועל צו דיר קומען,
איך וועל אין דיר רוען
אַ גאַנצע אייביקייט.

איך בעט ביי די הימלען
זיי זאָלן ליכטיקער זיין.
גאַנצע וועלן די שטערן בלייבן,
לאַנג, לאַנג, ווען איך וועל ניט זיין.

זון ליכטיקע, איך בעט דיך:
בלייב אַביסעלע שפּעט,
איך וויל נאָך דאָ ווײַלן,
נאָך עפּעס אויפטאָן,
נאָך עפּעס אָנשרייבן —
זאָל וואַרטן די ערדענע בעט.

## טויבן

איך בעט פֿאַרגעבן
ביי מיינע אומשולדיקע טויבן,
שטיקער לעבן האָב איך געגעבן.
אין צער און טרערן
געוואָלט אָדלער זאָלן זיי מיר ווערן,
דאָס האַרץ האָט געצויגן,
העכער צו שטייגן.
צום בלענדיקן רעגנבויגן.

מיט אייך האָב איך געוואָלט זיין
אי די טרויבן, אי פֿאַר קומענדיקע
דורות, דער וויין.
האָב ניט איינגעזען:
וויפֿיל מען זאָל זיך ניט מיען
קען מען, ווי גומע, קיין פֿליגל
ניט ציען.

איצט, אַז עס בליט שוין זילבער
אין מיינע האָר,
און קופּער מיט קופּער איז די וואָר
און איך צייל אויף די פֿינגער
די איבערגעבליבענע פֿון מיין דור.
ווי גוט מיר איז מיט אייך,
סאַמע ביי דער ערד
בין איך מיט אייך הימל־הויך.

# בכוח

איך דאַנק דיר גאָט, פאַרן כוח
צו זיין ביי זיך ניט צו־גרויס
און ניט צו־קליין,
ווען עס ברענט מיין האַרץ,
ווי די זון ביים פאַרגיין —
אַ ראָד אין פייער,
בין איך בכוח צו פאַרהיטן,
וואָס ביי די אָבות איז געווען
הייליק און טייער.

ווען די אומרו צינדט מיך אָן,
ווי אַ וואַלד אין פלאַמען,
קומען צו מיר צוהילף די גוטע הענט
פון באָבעס און מאַמע
אויף זייערע וועגן צו גיין,
זיי זיינען אויך געווען יונג.

טאַטע און זיידעס
ברענגען מיר ראיות און סברות
פון משניות און גמרות;
אין ציטער פון געוויטער,
אין וואַלדיקן פלאַם
פאַרשטיין צו פאַרהיטן
דעם כבוד פון מיין שטאַם.

# צו מיין האַרץ

ווי זאָל איך, האַרץ מיינס, דיך אָפּדינען,
וואָס דו האָסט מיר געגעבן
אַ וועג, אַ שטייגער—
ווי אַ זייגער מיך געפירט אין לעבן.

פון פריסטן באַגינען אין נויט,
ווען ס'פלעגט פעלן ברויט,
ניט געוועזן מיט וואָס דעם הונגער צו שטילן,
האָסט געטריפט גאָלדענעם האָניק: טיף צו פילן.

צו ליבן דאָס לעבן, דאָס לעבן צו ליבן,
דורך די יאָרן טריי געבליבן.
ווען איך פלעג פאַרשפּילן, פלעגסטו געווינען,
מיר אונטערגעזאָגט: פאַרלירן איז אויך געווינען.

אין מיינע רייפע יאָרן,
ווען איך בין אַ מאַמע געוואָרן,
אין גיהנם-וועלט מיינע זין דערצויגן,
האָסטו מיר געוויזן וועגן צו זען מער
ווי עס זעען די אויגן.

אין פיינלעכע רגעים כוח געגעבן,
וואָס צו פאַרשטיין און וואו צו פאַרגעבן;
מיט רעגנבויגן געליכטיקט מיין לעבן.

אַז דו ביסט, ווי אַ זייגער, שטיין געבליבן,
אַ וויג-געטאָן אַהין-אַהער מיין קאָפּ,
ווי אַ דאָקטער, וואָס זאָגט דאָס לעבן אָפּ —
זיין גרייט! —
האָב איך אָפּגענאַרט דעם טויט.

און דו פירסט, ציסט און גייסט
אויף מיין וועג, אויף מיין שטייגער —
ווי זאָל איך דיר אָפּדינען, אָפּדאַנקען,
מיין האַרץ מיין געטרייער זייגער?

## צ ע ר

מיין צער איז חושך
ווי נאַכט,
נאָר מיינע אויגן
זיינען ניט פאַרמאַכט.

מיט פיין אַרומגענומען
ביז טאָג וועט קומען,
באַהעפט איך דאָס שוואַרצע
מיט לעבן — ווייסע בלומען.

בלאָ, גרין און רויט,
פאַרן מאָרגנשטערן גרייט
לעב איך די פאַרלאַנגען
וואָס די אָבות האָבן געזייט.

אונטער וואָלקנס בליען שטערן,
פלאַמען אויף קנויטן, קווייטן,
גרייטן זון-אויפגאַנג:
צער — אויף ליכט, אויף זון פאַרבייטן.

## יאָג ניט, מיין האַרץ

יאָג ניט, מיין האַרץ!
וואו דו יאָגסט
ווערסטו שוין ניט אָניאָגן.

וואו די אויגן טראָגן,
גיי דיין גאַנג.
קען זיין אין ניט דערגיין
איז דער חן.

ווער קען פאַרשטיין
מענטש מיט מענטש,
אַ שטיין מיט אַ שטיין?
ניט דעריאָגט,
ניט דערוויינט,
ניט דערקלאָגט.

גיי, מיין האַרץ,
גיי, גיי!
ווי רעגנבויגן קאָליר,
קיין חשבון ניט פיר!

איך מאָן ניט ביי דיר,
מיין האַרץ, אין געיעג;
וואו דו טראָגסט,
וואו דו ציסט,
איז מיין וועג.

## פאַר מיין גוף

פאַר מיין גוף איז גענוג
אַ טיש און ברויט
און אַ וואַסער-קרוג.
אַ דאַך און בעט,
מיט מיינע ליבסטע אַרום מיר,
אַ טרייסט-וואָרט, אַ גלעט, אַ געבעט.

פאַר מיין נשמה איז קאַרג
די טאָלן, די בערג,
ווען די הימלען זאָלן זיך שפאַלטן,
וואָלט אפשר זיין דאָרטן באַהאַלטן
אַ וועלט, מיין נשמה צו דערהאַלטן.

# אַ תפילה

איך בעט דיר, מיין האַרץ,
זאָלסט מיר ניט פאַרראַטן,
מיט ליבשאַפט פון מאַמען,
מיט זאָרג פון טאַטן.

וויפיל דאָס לעבן
וועט ברענען און בראָטן,
דורך בלוט און דורך טרערן,
זאָלסטו מיר ניט פאַרשטערן:

גלויבן און בענטשן,
אַז איך דערזע
אינגאַנצן דעם מענטשן.
זאָל איך פון שרעק ניט אַנטלויפן,
ווי ווינטער אַ בער, זיך שלאָפן לייגן,
דאָס בייזע אַרום קירעווען, בויגן.

מיט אָפענע אויגן אין דער זון אַריינקוקן,
מיט די אַקסלען נאָר צוקן.
מיינע טעג — טרעפּ, אפילו דורך פייער
זאָל בלייבן מיר טייער:

דאָס גאַנג אויף אַרויף,
דאָס רוף פון מיין האַרץ,
דאָס בייזע אויסמיידן,
דורך גיהנם דער גאַנג,
צו וועלט פון גן־עדן.

## צו מיין האַרץ

איך דאַנק דיר מיין האַרץ,
איך וועל דיר אייביק דאַנקען,
וואָס דו פירסט מיך
צום אָרימאַן און קראַנקן.
און אייך, מיינע געדאַנקען,
אַ גרויסער יישר כוח,
וואָס עס שפירט מיין מוח
דעם וועג דעם גלייכן,
ווי בייזע וועגן אויסצואויייכן,
ווי טייכן וואָס ציען זיך צום ים —
מיין גורל מיט מיין שטאַם.

## אַ טראָפּן אין ים

יעדן טאָג
שנייד איך איבער די אָדערן,
וואָס האַלטן מיך פאַרקניפּט
מיט טויזנטער קלייניקייטן.

ווי אַ טייך אין ים
גיס איך מיך אַריין
אין צעכוואַליעטן לעבן.

איז וואויל צו זיין
אַ טראָפּן אין ים,
וואו שטאָלענע שיפן
זעגלען צו נייע וועלטן.

## אַזוי איז עס געווען...

אַזו איז עס געווען,
אַזוי איז עס פאַרפלויגן,
וואו איך בין געווען,
איז די בענקשאַפט אָנגעפלויגן,
מיין האַרץ געפאַנגען
און אַוועקגעפלויגן.
וואָס מער עס רינט די בענקשאַפט,
אַלץ פולער ווערט דאָס האַרץ,
אויך אַזוי די אויגן.

אַזוי איז עס געווען,
אַזוי איז עס פאַרלאָפן —
וואו איך בין געווען
זיינען די קינדער אָנגעלאָפן.
האָב איך קינדער אָנגעטראָפן
זינגען און לאַכן,
האָב איך אין פרייד צו זיי
זיך צוגעבויגן.
קינדער, לאַכער, שטיפער:
מיר פאַר אייערע אויגן!

# אונדזער שטוב

אונדזער שטוב אויף קאַליפאָרניער ערד,
אַרומגערינגלט מיט אַלטע פּאַלמען
און פרישע בלומען,
שטענדיק פאַרנומען
די נידעריקע שוועלן,
מען זאָל צו אונדז קומען,
ווי מיר איז געפעלן.

די טירן, די ווענט, ווי אייגענע הענט,
היטן אונדז אָפּ פון היץ און פון קעלט.
די פענצטער, די שויבן
ווייסן וואָס איך טראַכט;
קומען טעג, ווי ווייסן טויבן,
פאַרטרייבן פון האַרצן די נאַכט.

דער דאַך, דער דיל — אַרויף און אַרונטער שפּיל,
מיין האָפענונג און גלויבן,
ווי מיין לעבן וואָלט באַשטיין
פון פאַלן און זיך אויפהויבן.

די מעבל ליכטיק, די גאַרדינען ריין,
ווי זיי וואָלטן מיין אומעט פאַרשטיין;
מיין בענקשאַפט געוואוסט, מיט מיר אינאיינעם
ריכטן זיך אויף געסט.

מיין טיש און מיין האַרץ, מיט דערוואַרטונג גרייט,
אַמאָל מיט לעקאַך און ווייַן, אַמאָל מיט ברויט.
מיט פריינט דערפרייט ווערט דער אומעט צערונען,
דער פיין אויסגעגאָסן,
אויף אונדזער ליב יידיש לשון
צעבינדן מיר אַלערליי פאַרוואָסן.

די בעט וואו איך חלום וואכע חלומות,
ווען איך זאָל עס פאַרשרייבן,
וואָלט אפשר געבליבן הייליקע שמות;
ראַדיאָ און טעלעוויזשאן באַווייזן,
ברענגען אַריין אין שטוב די קרומע וועלט
פון נייעסן ווערט פיל מאָל דאָס האַרץ אָפּגעשטעלט.

אָבער ווען ס'שפּילט קלאַסישע מוזיק,
דערפילט מען דורותדיקן בריק,
ווי קינסטלער און בויער האָבן זיך באַמיט
פאַר דאָס מענטשלעכע גליק.

נאָר ס'קומען צוריק נייע נייעסן
פון פאַרלירן און פון זיג,
ווי מען גרייט צו פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט,
קאַלטן און הייסן קריג.

גיבן זיך די געדאַנקען אַ וויג,
ס'צענעמען זיך די ווענט,
די שטוב ווערט אַ פליענדיקע שיף,
צו דער זון וואָס איז פאַרשטעלט.

אין די וואָלקנס פון פיין, אונדזער חלום,
איך מאָן רו פאַר מיין האַרץ, פאַר מיין שטוב,
פאַר דער וועלט — יושר און שלום.

# אונדזער גאָרטן

אין אונדזער גאָרטן בליען בלומען,
שטאָלצע בוימער, מדבר־פלאַנצן;
וואַרטן זיי מיט אונדז אינײַנעם
עס זאָלן קומען מענטשן.

קומען פרײַנט אַלערלײַ
ריידן מיר פון פרייד און פאַרדראָסן;
הערן זיך די געוויקסן איין,
ווי זיי וואָלטן פאַרשטיין
אונדזער ליב ייִדיש לשון.

דער זיידע־ים גיט אונדז צו
זײַנע כוואַליעס ברכה,
אונטער הימל און זונס השגחה
זײַנען מיר מיטן אָרום איין משפּחה.

דעם פּאַרקן אָרום גאָרטן
האָבן מיר געטראָפן
מיט דער שטוב אינײַנעם;
מיר וואָלטן ניט פאַרצאַמט
דעם הויף פאַר גוטע שכנים.

איך לאָז דעם טויער אָפן,
וואַקסן שענער נאָך די פלאַנצן.
אַ ניט געצאַמטער גאָרטן מײַן הארץ
פאַרן וואונדער פון נאַטור,
פאַר די ביימער־מענטשן.

# מוטער־טאָג

יעדער טאָג איז מוטער־טאָג,
נאָך איידער איך האָב מיינע קינדער געקענט
איז געווען פאַרנומען מיט זיי
מיין האַרץ, מיינע הענט.

אין שפּיל האָט געמאָנט דער געפיל,
פון יוגנט אָן אין דער שטיל,
האָב איך מיט מיידל־חן געזוכט אים,
אין מיליאָניקער וועלט,
געוואָלט אייער טאַטן
אין יעדער יינגל פאַרגליכן אים
מיט מיין אייגענעם טאַטן.

איר זייט געקומען אין סאַמע
פרילינג פון מיין לעבן.
לעבן מיט לעבן מיינע זין
פרילינג פאַרמאָג, יעדער רגע
פון מיין לעבן איז פאַר מיר
**מוטער־טאָג.**

# דיר אַנטקעגן

די פאַלדן פון דיין פּנים
ציטערן מיט ליבשאַפט
און ריידן אוים
צו מיר דיין האַרץ;
אין דיינע אויגן
זע איך זיך ווי אין שפּיגל,
ווי אַ קינד אַ טאַטן
לויפט מיין האַרץ
דיר אַנטקעגן.

## צום ערשטן מאַי

יעדן ערשטן מאַי
בלי איך אויף פון דאָס ניי;
פרילינג איז כדאי,
מיט גרינעם גראָז,
מיט בלום און בוים
איז יום-טוב אויפן גאַס,
בלי איך צוזאַמען מיט מיין קלאַס,
שטאָלצער פון די צעבליטע בוימער—
אונדזער מוט.

דער געוויטער פון אונזערע געמיטער
וואַרפט אַ ציטער
אויף די וועלכע טראָגן רויב אין די הענט.
מיר צעברעכן צאַמען, צענעמען ווענט,
וואָס די זון אונדז פאַרשטעלט.

פרילינג צעבליט אונדזער חלום,
יעדער ערשטער מאַי
איז אַ שוועל צו פרייהייט און שלום
אין גאַנג צו אַ נייער יושרדיקער וועלט.

# מיינע ווערטער

קומט מיינע ווערטער
פון מיין האַרץ הײם,
צעבליט דער אַרום
ווי פרילינג בוים נאָך בוים.

זינגט מיינע שורות
דורך מיינע אויגן־שויבן —
טראָגט בשורות מיינע חלומות,
מיינע ליכטיקע טויבן.

איך טראָג אוים מיינע לידער
אַזוי ווי מיינע זין.
זאָל דורך אייך ווערן
לייכטער דאָס לעבן
און ליכטיקער די זון.

⁂

וואָרט מיין שמייכל,
מיין ראיה, מיין געהער
דורך דיר איך פּרוביר
דאָס בייזע אויף גוטע איבערצובייטן.
וואָרט מיין לייטער, מיין קאַיאָר,
מיין חלום אויף דער וואָר,
פאַר מיינע נשמה הענט
אויף קלאַוויר,
שפּיל וואָר אין מיר;
מיין בענקשאַפט,
מיין האָפענונג,
מיין ניט אויסגעטאַנצטער טאַנץ —
פיר מיין האַרץ
צו גאָט און צו מענטש.

# קאָרייע

ערד, בערג פון קאָרייע,
צוליב אייך רייסן מאַמעס קריעה ;
דורות לאַנג האָט איר געגאַרט נאָך זריעה,
נאָך געזיי, נאָך פלאַנץ, פאַר ברויט,
איז געקומען דער קריגס-מענטש,
אייך באַשאָטן מיט טויט.

פון געליבטע, קינדער און מענער,
פון ברידער ביינער און בלוט ;
דורכגעווייקט די ערד.
מיר גלויבן ניט אין באַשערט.

מיר בעטן די אַרמייען
אָפשטעלן דעם טויט ;
די געווער איבערשמידן —
זאָל זיין שלום און פרידן.

מיר מאָנען ביי די אָפיצירן :
קיין מלחמות ניט צופירן.
מיר ווילן האָבן די זכיה
אונדזערע קינדער צו דער חופה פירן.

# לייען-קרייזן

מיר קלייבן זיך צוזאַמען
צום מנין,
צו אַכצן און מער;
מיר בויען אַ בנין
פֿון אונדזער קולטור.
פֿון טרערן און פּיין
זאָל ניט זיין מער קיין שפּור.

די פּערל פֿון פֿריריקע דורות,
פֿון אַלטע ספרים;
מיר קלייבן די פּירות
ווען מיר באַגעגענען זיך
וועבן מיר די געדאַנקען,
מיר זיינען די שליסלען
פֿון ביכער-שראַנקען.

מיר שטודירן
ווי דאָס לעבן ווייטער צו פֿירן,
מיט קינסטלער און שאַפֿער
ווערן מיר משפּחה, שפּירן
טעם גן-עדן
ווען מיר דיסקוסירן.

אמת זאָל ווערן אונדזער חלום,
דורך שאַפֿן און איבערשאַפֿן
זאָל ווערן אויף דער וועלט
גליק, יושר און שלום.

# מיינע הענט

איך בעט ביי מיינע הענט,
ווי אַמאָל ברויט ביי דער מאַמען,
זיי זאָלן זיך באַוועגן,
קערן און ראַמען,
נאָכפּליען מיינע פאַרלאַנגען,
ווי פויגל נאָך שיפן איבער ימים,
צו נייער וועלט אָן גרענעצן אָן צאַמען..

מיין לעבן אין לידער,
אין שורות און גראַמען,
זאָל זיין אַ צושטייער,
צו בויער, אַקערער און זייער.

נאָך מער ווי די לידער—
מיינע טאַטן,
ווי איך נאָך מאַמען און טאַטען
זאָל פאַרבייטן מיין חלום,
מיין האַרץ זאָל בלייבן
אַ ליכט אויף די פענצטער
פון צייטן פון יושר און חלום.

# צום לעבן

מיין באָבעס גוטסקייט,
מיין מאַמעס טרייקייט
האָט דאָס לעבן
צוזאַמען מיט מיין בלוט געזויגן.
שטורעמס האָבן מיך, ווי זאַנגען, געבויגן,
נאָר איך בין גאַנץ געבליבן

אויף פעכיקע גרונטן
פערל געקליבן,
גערייניקט די פערל
אין טרערן.

ווען עס האָט געהאַלטן
דערטרונקען צו ווערן,
האָבן נסים פּאַסירט,
פון די זומפּן מיך אַרויסגעפירט,
ווי מיינע אָבות וואָלטן איבער מיר
געוואַכט,
מיך צו ליבן —
צום לעבן געבראַכט.

# אַ תּפילה

ביים אָרון־קודש פון מיין פּיין
טו איך תפילה, בין מתפּלל
פאַר מיין הויזגעזינט,
פאַר כל ישראל,
פאַר אונדזער אויסגעחלומט לאַנד:
ארץ־ישראל.

מיינע שוועסטער און ברידער,
טייערע קינדער:
איר צאָלט מיטן לעבן —
בויט דאָס לאַנד,
זאָל אונדזערס זיין.

איר זאָגט אָן דורך
אונדזער וויים־בלאָע פאָן,
איבער רונדער ערד,
זאָל מער ניט פּאַסירן מיט אונדז,
וואָס מיט אונדזערע זעקס מיליאָן.

ביים אָרון־קודש פון מיין פּיין
טו איך תפילה, בין מתפּלל
פאַר כל ישראל, אַז דאָס לאַנד
זאָל אונדזערס זיין.

# סימנים פון נעמען

ווי טויבן קומען צו מיר ליכטיקע נעמען,
בעטן, מאָנען, פאַרוואָס לאָז איך זיי פאַרשעמען;
זיי ווילן איך זאָל זיי געבן צו פאַרשטיין,
פאַרוואָס דערלאָז איך מען זאָל זיי מאַכן קליין.

וואו איז דער חן? מיט וואָס איז דזשייקע
חשובער פון יאַנקל, אייב פאַר אַברמל,
ראָזע פאַר רבקה און רחל סימנים,
ווי אין ליכטיקן טאָג פון חלבנע ליכטל פלעמל?

מיט וואָס איז שענער סערע פאַר שרה;
פאַר דבורה — דאָרע? טויזנט מאָל להבדיל,
ווי אַ „צלם" פאַר תורה!

צוליב די שונאים, וואָס ברענען און בראָטן,
וואָס מיר זיינען אין זיי ניט געראָטן,
פאַרוואָס פאַרציען אין שאָטן אונדזערע געבאָטן?

צוליב זיי, וואָס ווייכן אונדזערע דלד־אַמות,
פאַרשעמען די זיידעס, די באָבעס,
די טאַטע-מאַמעס.

קומענדע דורות וועלן אונדז רופן
צו דין־תורות,
פאַרן אומזין פון זיי פאַרשעמען,
נאָך זיי געבן סימנים פון נעמען.

## שאַך

מיינע טעג, מיינע יאָרן,
קעסטעלאַך שאַך,
מיין לעבן צו שפּילן.

אַמאָל איז דער קעניג די קאָפּ —
אַמאָל, מיין האַרץ;
מיינע געפילן.
איך ווער ניט נתפּעל
ניט פון געווינען,
ניט פון פאַרלירן.

ווי אין שפּילן וואָלט זיין
דער תוך און דער זינען.
פון פריסטן באַגינען
ביז אייביקער נאַכט,
שפּיל איך מיין לעבן
אין קעסטעלער שאַך.

## מיינע תפילות

(לואין)

מיינע תפילות האָבן דורכגעריסן די הימלען,
מיט מיינע הוילע הענט
האָב איך דערלאַנגט גאָט מיין האַרץ.
האָט גאָט מיין האַרץ ניט פאַרשעמט,
ווי ברכה-וויין גענומען צו די ליפּן,
מיט מיין האַרץ אין די ציין;
איז גאָט פאַרגליווערט געוואָרן,
סם איז עס געווען,
סם וואָס האָט פאַרסמט מיין לעבן,
האָט פאַרסמט מיין גאָט.

## מיין שווייגן

מיינע ווערטער: קלאַנגען;
געמאָסטן, געוואויגן,
צייטיקע זאַנגען —
פון די פעלדער פון מיין שווייגן.

מיינע ווערטער: גרינע בלעטער
אויף יונגע צווייגן;
אויף דעמבענע בוימער פון געוואָרצלטן
וואַלד פון מיין שווייגן.

ווערטער: שיפלעך מיינע.
דורך פאַרשידענע וועגן זוכן די ברעגן,
דורך שטורעמדיקע ימים
פון לאַנד פון מיין שווייגן.

לידער — מיין לייטער,
צו דערגרייכן, צו דערשטייגן,
פון די טיפסטע טאָלן
צו די הימלען פון מיין טיפן שווייגן.

וואָרט־געוועב,
פאַרלאַנגען אין קלאַנגען,
געזאַנג, זון־אויפגאַנג
אויפשטייגן —
פון אונטער די וואָלקנס
פון דורותדיקן שווייגן...

# משיח

משיח, וואו ביזטו אהינגעקומען ?
אונדזער בענקשאפט ניט פארנומען ;
ווארטנדיק אויף דיר,
זיינען דורות אומגעקומען.

ווער האט דיך פארהאלטן, ווער ?
האבן שדים דיך צעריסן ?
גזלנים דיך באפאלן ?
באפעלן אין ימען ארונטער,
דערפאר אונדזער לעבן ארונטער ?

זאג, משיח, זאג :
ווען וועט זיין דער טאג ?
ווען וועט אויסשלאגן די שעה,
עס וועלן שפאלטן זיך די הימלען,
עס וועט א דונער טאן די ערד:
דו ביזט דא ! ?

און אפשר איז שוין לאנג די שעה,
דער טאג געוועזן :
דו ביסט געקומען,
נאר מען האט דיך ניט דערזען.

ניט פארנומען, ניט דערהערט.
מיט בליי זיינען די הימלען,
מיט רשעות רונד ארום די ערד —
ביסטו ניט באמערקט.

***

**איז אַזוי באַשערט,**
אַז נאָר דער זעער איז זוכה
זען דיין גאַנג?
אין זון־אויפגאַנג,
אין גרינעם גראָז,
אין שמעקעדיקן בלום,
אין באַרג און טאָל,
אין אַלע בוימער בליאונג
מיטאַמאָל...

קען זיין זאָלסט זיין
אין פיין,
ווי אליהו הנביא ביסטו אַריין
פאַרזוכן אונדזער וויין.

די אָבות האָבן זיך שוין לאַנג געמיט,
מיט יעדער פרילינג בליסטו מיט;
היטסט אָפּ די תבואה אויפן פעלד,
זעטיקייט זאָל ניט זיין פאַרשטעלט.

אונדזער ליבשאַפט
דיין געשטאַלט באַהעלט;
מיטן לעבן אָנצוגיין גיסטו כוח;
בינסטו גאָט אין אונדז, משיח!

# דאָס לעבן אַנטקעגן

אַמאָל פלעג איך יעדן בענטשן,
האָט דאָס לעבן אויף מיר זיך געזעצט,
מיך געבויגן.
האָב איך דערזען אינגאַנצן דעם מענטשן,
האָבן זיך די ליפּן מער ניט געהויבן.
נאָר מיין הארץ האָט מיך ניט געפּאָלגט,
דאָס אייגענע געבליבן:
אויף מידע קעפּ ווי מאַמע-הענט געלעגן.

האָט דאָס לעבן מיך געצויגן
אין ענגע שפּאַלטן,
אויף פאַרפּלאָנטערטע וועגן;
און נאָך איצט קען איך ניט שעלטן.

אַמאָל פלעג איך האַרציק לאַכן,
און נאָך היינט קען איך ניט וויינען;
פון די טויזנטער, טויזנטער זאַכן,
וואָס האָבן אויף מיר זיך געזעצט, מיך געביטן,
וואונדן אין לייב אַריינגעשניטן.
האָב איך געשטעלט אויף יום-טוב וויינען.
טראָג איך דאָס לעבן אַנטקעגן
אין מיינע אויגן אַ ווייניקן רעגן.

# איך רייס קריעה

איך בין היינט ווי די ערד
אַרום אויפגעגראָבענעם קבר,
פאַר אַלע פון אונדז אויסגעריסן
רייס איך קריעה מיט מיין יעדן אבר.

מיינע אויגן מיט בלוט אָנגעגאָסן,
אין טיפן פיין אין קריעה רייסן —
ווי די זון וואָלט זיך אויסגעלאָשן.

אומעטום יאָמערדיקע קלאַנגען
אין ים פון ניט אויסגעוויינטע טרערן —
אונדזערע שיפן אונטערגעגאַנגען.

געקוילעטע הימלען אין טאָלן געפאַלן,
האָט גאָט זיך אויסגעצויגן,
פאַרלאָשן די אויגן —
און מיר — איבער אים געבויגן.

וועמעס וואָרט וועט אונדז טרייסטן ?
ווער וועט אונדז בענטשן ?
רייסט מיין האַרץ קריעה
פאַר גאָט און פאַר מענטשן !

## אונדזערע זעקס מיליאָן

אונדזערע זעקס מיליאָן
הייליקע קדושים
פון דער ערד אָפּגעוואַשן.
מיין לעבן נאָך זיי
אין קריעה צעריסן.

זאָל אונדזער יאָמער
קיינמאָל פון דער ערד
ניט פאַרגיין.
איך שטיי זיי צוקאָפּנס —
אַ לעבעדיקער שטיין.

זון וועט ווידער אויפגיין,
פרילינג באַנייען,
ווען איך אין די הימלען
דעם פיין אַריינשרייען.

מיליאָנען „פאַר-וועגען",
„פאַרוואָסן"...
מיט אונדזער בלוט
די ערד דורכגעווייקט,
די ימים אַריבערגעגאָסן.

דור נאָך דור
זאָל אונדזער גזר געדענקען.
פלייש פון אונדזער פלייש,
ביין פון אונדזערע ביינער,
אויפן מיליאָניקן קבר
זיינען מיר
די מצבה-שטיינער.

נאָר קיין שטיינער
ווילן מיר ניט בלייבן.
זאָלן די הייליקע זיך מיען,
מיט זיבן זונען ליבשאַפט
זאָל דאָס לעבן זיך צעבליען.

## קריעה

אין ימים־פּיין
אין חושכדיקע נעכט
שטורעם איך
פאַר מייניקע אומגעבראַכט.

איך ברום צו די שטערן
און מיינע ציינער קריצן;
די זיבן הימלען
זאָלן מיט מיר שבעה זיצן.

ביז די זון וועט אויפגיין,
ס׳וועט אָנהויבן צו טאָגן,
זאָלן בערג און טאָלן
מיט מיר יזכור זאָגן.

פאַר אַלע פון מיין שטאַם,
הייליקע קדושים,
בין איך די קריעה,
ווער פאַר צער צעריסן.

# קינדערלעך

קינדערלעך עלנדע,
אָפּגעריסענע עפּעלעך,
היימלאָזע פייגעלעך—
מיר פאַר אייערע קעפּעלעך.
איך שיק אייך אין טעפּעלעך
אַ זופּ און אַ ביסן,
שיכעלעך, קליידעלעך,
מיין האַרץ זאָל אייך קושן.
היילן די וואונדן,
אייך עטוואָס אָפּגעבן,
פאַר אייערע טייערע,
וואָס האָבן געצאָלט מיטן לעבן.
אייערע מאַמעס און טאַטעס
ווערלן זיך מיען.
יונגינקע צווייגעלעך,
איר זאָלט זיך אין ביימער צעבליען.

ביימער פון וואָרצלען,
געררודפט, געבראָטן;
איר זאָלט אין אייביקייט בלייבן
שטאַרק און געראָטן.
קינדערלעך עלנדע,
איך נעם אייך אַרום
מיט האַרץ און מיט האַנט,
זאָל אונדזער ליבשאַפט אייך זיין
אַ היים און אַ לאַנד.

## משפחה

איינצעלנע פון משפחות געבליבן,
איבער טייך און איבער ימען
קושן אייך מיינע אויגן.
מיין בלוט ציט צו אייך,
ווי מיר וואָלטן אונטער איין הארצן
געלעגן.

גאָט זאָל אייך בענטשן
מיט יאָרן און הצלחה,
איר זאָלט זיך פּאָרן
און ווידער צעבליען,
אונדזער וואונדערלעכע
מענטשן־משפּחה.

## מיין שייכות

מיט יעדן וואַלד בין איך אויף דו,
אין וועלכער שעה איך קום
נעמט ער מיך ווי אַן אייגענע צו,
טוליעט מיך איין אין גרינער רו.

ווי אַ זיידעניו
דרעציילט ער מיר מעשהלעך
פון טאַטנס יחוס,
פון מאַמעס שטאַם
און פון מיר אַליין.
ווי איך בין געוואָרצלט, געצווייגט
אין וואַלד מיט יעדן וועג,
מיט יעדער בוים.

## חשד

אַלע וועגן
זיינען פֿאַר מיר קרום;
וואו איך שטיי און וואו איך גיי,
וואו איך קום.

ווען מען איך באַגעגן
פֿאַרשן מיינע אויגן מיט חשד,
מאָנען, פֿרעגן:

זאָג, זאָג, זיי אַזוי גוט:
זיינען דיינע הענט ריין
פֿון אונדזער פֿאַרגאָסן בלוט?

זאָג, זאָג, וואָס האָסטו
געשטעלט אין קאָן
צו ראַטעווען אַ זקן,
אַ זקנה צי אַ קינד,
כאָטש איינעם
פֿון מיינע זעקס מיליאָן?

איך פֿאַרש יעדערנס אויגן,
איך פֿאַרדעכטיק הענט:
צי האָט איר ניט אַ חלק
אין די גאַז־קאַמערן,
וואו מען האָט מייניקע געברענט?

## אין ליפּעס מיל

(פּרץ הירשביין צום 65 יאָריקן יובל)

אין ליפּעס מיל
גייט נאָך אַלץ די ראָד,
מיט גאָטס גענאָד,
מאָלט עס קערנער גאָלד
פון זאַנגען זון,
גרייט פעלדער גרין און רויט,
שמעקעדיקער טאָרט און ברויט
פון קומענדיקע דורות וועגן.
דאַנקען גאָט,
אין דער טיף בליט
אונדזער סאָד:
מיט פּירות אַלערליי,
צווישן זיי אַ בוים
מיט „מן"
אַלעם גוטס אין אים
פאַראַן:
פאַרן דאָרשטיקן, געטראַנק;
פאַרן הונגעריקן, ברויט;
די בעסטע פּרי — תורה.
אַ בוים אַ מענטש,
האָט גאָט פאַר אונדז געזייט.
וועט ער מיט אונדז זיין,
ווי זון —
קיין מאָל פון דער ערד
ניט פאַרגיין.

# פרץ הירשביין

טויט האָט ניט קיין דרך־ארץ
פאַרן חכם און עם-הארץ,
געריכט און אומגעריכט קומט אַריין
און שלעפּערט איין,
שליסט צו די אויגן,
מוז מען זיך בויגן,
אויף אייביק שלאָפן לייגן.
וויפיל מען זאָל ניט פרעגן,
זיינען די חכמים פון דאָרטן
ניט געקומען עטוואָס זאָגן.
פאַרקילט אַלע פאַרוואָסן,
אויף ליפּן פאַרשלאָסן.
מיט פּיין מיין האַרץ איבערגעגאָסן,
פאַר די גוטע פון אונדז אויסגעריסן.
ווער קען אָפּוועגן,
די הימלען פרעגן,
פאַרוואָס די נביאים
מוזן אויך אויף אייביק
זיך שלאָפן לייגן ?
וויפיל שיפן וואַנדערן
אין די ימים פאַרלאַנגען ;
ס'ברענען די באַגערן,
מיט אַכטונג צו דורות פאַרגאַנגען.
וואָס וועט ווערן?
זאָל מען האָפן,
ווען מיר אַלע וועלן שלאָפן,
אפשר, אפשר וועלן דאָך זיין
אַזוינע מעשים,
אַז נאָר די גוטע זאָלן אויפשטיין
תחית המתים ?

## צו מיין ערשטן אייניקל

נאכט האָט אויסגעטאָן איר טונקל קלייד,
האָט טאָג זיך קינדיש פאַררויטלט,
מיט ליכט דערפרייט.

זון איז אַריין דורך די שויבן,
זיינען אָנגעפלויגן
מיינע ווייסע טויבן.

אָנגעזאָגט מיט גוטע רייד,
אַ צווייג האָט זיך צעבליט
אויף אַ בוים וואָס גאָט האָט געזייט.

זאָל דיין לעבן זיין
פאַר דיין שטאַם, מיט ברעג,
מיט לאַנד און מיט ים.

מיט הימלען אַלע זיבן,
אין די טיפעניש פון מיינע חלומות
האָב איך דיך מיין פערל געקליבן.

די אָבות זאָלן זיך מיען,
דורך דורות
זאָלסטו אונדז מיט שלום צעבליען.

## מיט דיר

מיט דיר אין גאַנג,
מײַן ליבער,
זײַנען ליכטיק
אַלע שטיבער.

מײַנע באָבע יאָרן
פֿאַר קוש און גלעט,
דורך אַלע צערן
ניט צו שפּעט.

ווי אויף מײַן יוגנט-לײַב
די חופּה-קלייד,
דערפֿיל איך ווידער
דײַנע גוטע רייד.

דײַן איבערגעבנקייט
איז פֿאַר מיר היילונג, רפֿואה.

קלײַבן מיר בײדע
פֿון די פֿעלעדר די תּבֿואה.

ווי ביי די אָבֿות
קידוש געטראַנק,
אונדזערע טעג
דרשה-געשאַנק.

פֿאַרן ווײַטן שפּעטער,
פֿרילינג אין פֿרילינג;
אויף אַלטע ביימער
נייע בלעטער.

אינאײנעם דאָס לעבן,
די יאָרן, וואָס מיר
האָבן געהאַט
געשאָנקען פֿון גאָט.

## דײַנע רייד

דײַנע רייד
פֿאַרוואַנדלען מײַן צימער אין אַ גרינעם וואַלד.
אונטער אַ באַצווייגטן בוים
טוליע איך זיך אין דיר.
איבער אונדז זינגען פֿייגל אונדזער פֿרייד.

דײַנע רייד
פֿאַרוואַנדלען מײַן צימער אין אַ פֿעלד.
אַנטקעגן אונדז —
בערג מיט ברכהדיקע טעג.
צווישן גאָלדענע פֿולע זאַנגען — אונדזער וועג.

## די מאַמע איז אין חלום געקומען

די מאַמע איז אין חלום געקומען,
מיך אַרומגענומען,
מיט ליבע ניגון
ווי אַמאָל ביים וויגן.

ווייל איך זאָגן און איך קען ניט;
איך בין דאָך אַליין אַ מאַמע.
ווי קען איך איצט זיך וויגן,
ענטפּערן אירע גוטע אויגן.

ווי מען דאַרף אויף שבת חלה —
דאַרף אַ מאַמע זיין אַמאָל אַ כּלה;
מיט חופּה־קלייד, מיט שלייער,
קריגט דאָס לעבן גאָר אַנאַנדער פּנים.

קוק איך אויף דער מאַמען
מיט טויזנטער פאַרוואָסן;
שמייכלט זי צו מיר —
דער מאַן דאַרף זיין דער חתן.

איז מיר דער חלום,
דער ליכטיקסטער פון אַלע —
דער היינט איז די חופּה
און איך בין די כּלה.

# מיין ליבשאַפט

גיי, מיין ליבשאַפט,
גיי שפּאַצירן;
עפן פענצטער,
עפן טירן.

וואו דו גייסט
און קומסט אריין,
טייל לעקאַך,
שטעל וויין.

ברכות
גיב איבער;
עס ברענט
מיין האַרץ אין פיבער.

אַז די רשעות זאָל אַריבער,
נאַכט און ווינטער זאָלן פאַרגיין.
מאַמעדיק גיב צו פאַרשטיין,
ווי דער פרילינג — בוים נאָך בוים.

ווי בלומען,
ווי בלעטער,
זאָלסטו, ליבשאַפט, קומען
אונדז פאַרציען,
אונדז צעבליען
אין דור־דורותדיקן שפּעטער.

# אַ ברכה פון אַ באָבען

(מיין איינִיקל: ראָבין אוילי ווייס)

אין די הימלען פון מיינע האָפענונגען
ביסטו רעגנבויגן געווען . . .
אין מיינע חלומות
האָב איך דיך ווי זון געזען.

אין מיינע פאַרפלויגענע יאָרן,
ווי אָדלער אויף וועגן,
האָב איך דיר מיין האַרץ
אין מיינע פליגל געטראָגן.

וויפיל מאָל האָט זיך געבויגן
די אָקס פון בטחון,
נאָר צוליב דיר ניט געבראָכן,
זיינען געבליבן די אויגן אָפן.

וואָלקנס און ווינטערס
מיט ליבשאַפט פאַרנומען;
דו, מיין פרילינג, זאָלסט קומען,
צו בליען די בלומען.

זינג פייגעלע פון מיינע ביימער—
ווי שוואַלב די קליין,
און די פרייד אַזוי גרויס,
איך טרינק דיך פון מאַמעס שויס.
און מיין האַרץ האַלט קוים אויס.

איך בין באַפאַלן פון שטראַלן,
און עס שטראַלן אַרויס:
שרה, רבקה, רחל און לאה
זאָגן סודות מיר אויס.

זיי האָבן זיך געמיט
וואָס דו האָסט מיר
אין דריטן דור זיך צעבליט,
איז געזאַנג מיין געמיט.

געזאַנג פון חלום,
נס אויף דער וואָר,
מיט דיר זאָל אויף דער וועלט
ווערן שלום —
מיט אליהו הנביא
זאָלסטו זיין אַ פּאָר.

פון דור צו דור
האָט ער געוואָגלט אַליין,
קען זיין —
ער האָט געוואַרט אויף דיר.

טאָכטער פון מיין זון,
מיט דיר זאָל אויפגיין
אַ נייע זון.
מיט דיר זאָל אין הימל
ווערן מער שטערן,
גאָט זאָל אונדז דערזען
און דערהערן.

מיר זאָלן ווערן אויפגעריכטע,
עס איז אָרט, עס איז צייט
פאַר נאָך אַ נביאה׳טע
אין אונדזער געשיכטע.

# קאַליפאָרניע

קאַליפאָרניע,
אייליקע ערד,
מיט אָריענטן טעפּיכער צוגעדעקט
רונדע צוועלף חדשים דורכן יאָר,
דאָך פאַלט אויף דיר די קללה פון הונגעריקע,
ווייל דו בליסט נאָר פאַר אויסדערוויילטע.

דער דרויסן
אויסגעצירט מיט לאָרבער־קראַנצן
פון אַלערליי קאָלירטע בלומען
האָט נאָך קיין ברייטקייט
אין ענגע הערצער ניט געבראַכט.

אוראַלטע פאַלמען
מיט ברייט־צעצווייגטע צווייגן,
ווי אָדלער מיט צענומענע פליגל פאַרן פליען,
היטן אָפּ די טראָפּישקייט פון לאַנד
און טיפן די בענקשאַפט
פון די, וועלכע חלומען פון נייע וועלטן.

קריכנדיקע פלאַנצן
וויקלען זיך מיט גרינעם שטאָלץ
דורך מי פון גערטנערס הענט אַרום פּאַלאַצן.
קריכנדיקע פלאַנצן
קלעטערן גרין און געל אַרום אָרים שטיבל
און שפּיגלען אָפּ דעם טיפן צער
פון די קראַנקע איינוואוינער,
פאַרוואָגלטע אַהער צו פאַרלענגערן דאָס לעבן.

דאָס צעגליטע פּנים פון דער זון
גיסט עמערוויים איר גאָלד און באַבראָנזט

געזונטע הויט.
דער ברענענדיקער פּנים פון דער זעלבער זון
וואַרעמט ווי אַ שטיפמאַמע
די געקאָרטשעטע לייבער פון די הילפלאָזע
קראַנקע, וואָס זענען גאָר נאָענט,
קומענדיק מיט שטילע טריט, דעם טויט.

די פאַרגליווערטע הערצער פון די בערג,
שטאָלץ מיט זייער שטאַם,
ווי זקנים אויף פאַמיליען־שמחות
האַלטן זיך ווארים האַנט אין האַנט,
און דורך זייערע גרוי־בלויע אויגן
וויינט דער צער פון אויסגעלעבטע וועלטן.

צופוסנס ביי די קייטן בערג
ציען פעלדער זיך אויף מיילן־ווייט,
איינגעטונקט אין פרישן גאָלד—
אַפּעלסינען און ציטרינען
דריקן מיט שווערער רייפקייט
די צווייגן צו דער ערד,
ווי אייטערס פון אָנגעפּאַשעטע קי פאַר געמעלק.

אויף דער ברוינער ערד,
וואָס פאַרנעמט דעם גרויסן שטח דאָ,
בליט אַ וועלט מיט ווייַן,
בונטן פולע טרויבן ביזן פּלאַצן,
ווי די ערד וואָלט מיט ברכות אָנגעקוואָלן זיין.
בעטן דורך זאַמדיקע ווינטן:
קומען זאָל מען זיי דערלייזן.
פאַראַנען דאָ געניוג פאַר יעדן יום־טוב׳דיקן טיש.

ביי די ברעגן פון פּאַסיפישן אָקעאַן,
וואָס וואַכט דאָ ביי די רונדע בערגיקע ראַנדן,

שווימט פון צייט צו צייט דורך אַ שיף
און צערייסט מיט רעוועדיקע קולות
די מאַנאָטאָנע לופט —
ברענגט בשורות פון ווייטע, לעבעדיקע וועלטן.

לבנה-נעכט
פאַרלענגערן דאָ די טעג.
שנורן מענטשן ציען זיך אויף שלאַנגען-וועגן,
און זעען אויס, ווי קאָסטבאַרע פּערל
אויף די שטאָלצע העלדזער פון די בערג.
די שטילקייט פון באַבוימטע און באַשטיינטע וועגן
שניידט אין בלוט אַריין.

שטייגנדיק צום פרישן פּנים פון טאָג,
צעלייגט מען זיך ווי מידע טויבן
אויף די שטיינערנע אַקסלען פון די בערג,
פּנים-אל-פּנים מיט דער זון.
די זון מיט ברענענדיקע, רויטע טריט
קומט פון בלויע נאַכט-טעמפּלען אַרויס
און באַגיסט מיט לויטער גאָלד דאָס לאַנד.

ווערן אויגן פול
מיט רחבותדיק-צעשפּרייט און רייף לאַנד.
בליט דאָס האַרץ צוזאַמען מיט נאַטור
ביי אַלע, וואָס טראָגן זון און בלוט
פון דורות לאַנג,
ברענט אַ פלאַמיקער פאַרלאַנג —
פאַרלאָזן תפיסה-לעבן פון וואָכעדיקן לאַנד,
קומען זאָלן אַלע אַהער!
פאַראַנען גענוג דאָ פרוכט און לאַנד;
נעמען זאָל יעדערער מיט פולער האַנט
דאָס געבענטשטע רונד-יאָר-בליאיקע
קאַליפאָרניע.

# דאָ אין לאַנד

איך האָב געבראַכט פון ליטע
מיינע, ווי מיין מאַמעס בלויע אויגן;
מיינע בלאָנדע צעפּ צום גאָלדן לאַנד געצויגן,
מיין באָבעס שעמעוודיקייט אין מיינע גלידער.
צו די שוועסטער האָבן מיך אַראָפּגעבראַכט די ברידער.

נאָך וואָכן אין לאַנד
בין איך געוואָרן אין אַ פאַבריק אַ האַנט.
געיאָגן, זיך געטראָגן,
אין פאָרפאָרנע פאַרנאַכט און בלויע פאַרטאָגן,
אין אונטערערדיקע און איבערדאַכיקע באַנען.
ניט פאַרשטאַנען,
ווי עס האָבן מיינע טעג זיך געשניטן.
פאַר דאַרן ברויט און דאָס לייב צו באַדעקן
געצאָלט מיט פאַסן לעבן.

אין ערשטן יאָר מיט דרייסיק פונט ווייניקער געוואויגן;
מיינע צעפּ אָפּגעשאָרן, די אויגן — אַנדערע קאָלירן,
זיינען מיינע ביינער אין מיר אַנדערע געוואָרן.
ווען דו זעסט מיך איצטער, מאַמע,
וואָלסטו ניט געגלויבט דיינע אויגן.
באָבעלע, ווען דו קוקסט אַריין אין מיינע שויבן,
וואָלסט געזען: דיין שעמעוודיקייט אין מיינע גלידער.
ווי געקוילעטע טויבן.

# פרילינג

פרילינג, מיט ווייכע וואַרעמע הענט,
נעמט אַרום די קאַלטע וועלט,
בייזן ווינטער צו פאַרוויגן.
זינגט פרילינג אַ תפילה־ניגון,
וויל ווינטער ניט אַנטשלאָפן ווערן,
ווײנט מיט פּערלמוטער־טרערן.
צעעפנט פרילינג זוניקע די אויגן,
ווערט האַרטער ווינטער ווייך;
לאָזט אַרונטער דעם שווערן קאָפּ,
און מוז זיך בויגן,
אויף אַ גאַנצן זומער שלאָפן לייגן.

פרילינג, מיט גאָלד געקרויזטע צעפּ,
מיט ראָז, פריש לייב,
טוליעט זיך צו יעדן,
פאַרקריכט אין ביין און בלוט;
שטורעמט אויף דאָס לעבן.

פרילינג, ווי אַ גוטע מאַמע,
קושט דעם וואַלד די גלידער;
גייט אויף דער וואַלד אין פרייד,
טוט אָן דאָס גרינע קלייד;
דערזעט דאָס פעלד דעם וואַלד,
אין גרינעם קלייד,
קוועלט ביי איר דאָס האַרץ פאַר פרייד.

די זון ווערט רונד און פריילעך,
צעעפנט ברייטער אַלץ די אויגן.
וואָלקנס גיבן פולע ברוסטן
דאָרשטיקע פעלדער זויגן;
ווערן פעלדער פול מיט פרישן זאַפט,
באַהעפט לייב פון רייפער ערד,
פאַרגייט די ערד אין שוואַנגערשאַפט.

## נאָך אַ פּרילינג...

גװידמעט מײנע אײניקלעך

נאָך אַ פּרילינג איז געקומען,
בליען נײע בלומען;
בײמער אין קלײדער-בלעטער
האָבן זיך אַרומגענומען.

אויף אַלטע װאָרצלען
נײע צװײַגן
גרינען,
ציען זיך און שטײַגן.

איז מיר װאַרים,
ליכטיק אין די אויגן,
װעל איך דיר ירושה זאָגן:
אַ האַרץ זאָלסטו פאַרמאָגן,
װאָס זאָל נאָר גוטעס טראָגן.

װי זון גײט אויף אויף טאָגן
פון מיר צו דיר די װאָר,
פאַר דור דורות
פון דײניקע דער חלום,
זאָלסט פאַרזומערן דאָס לעבן
מיט ליבע, יושר און מיט שלום.

# ע ר ד

## .1

ערד, זאָג אליין,
וואָס האָבן מיר ביז איצט פון דיר געהאַט ?
אונדזערע אייזנס האָבן דיינע פעלדער ניט געאַקערט,
אונדזערע מוסקולן פון האַקן דיינע וועלדער
זיינען שטאַרק ניט געוואָרן ;
פון גאָלדענע זאַנגען און רייפן קאָרן
איז אונדזער לייב דערפרישט ניט געוואָרן ;
געבלאָנדזשעט האָבן מיר אויף דיין גרוים
דורות לאַנגע יאָרן.
אונדזער בלוט און פלייש, און האָפענונג —
צעשאָטענע פערל, אין זומפן פאַרלאָרן.
פאַר יעדן ביסן ברויט
וואָס דו האָסט אונדזער הויזגעזינט געגעבן,
האָבן מיר געצאָלט מיט לייב און לעבן.
מיר האָבן קדושים דיר געגעבן !
און דו, בלינדע ערד, האָסט אַלץ פאַרנומען.

## .2

אַ נייער דור איז אויפגעקומען,
מיט וועלט אין האַרץ,
מיט געבענטשטע הענט,
מיט טריט פון אַקעראייזן,
און אים איז באַשערט
באַווייזן אונדז דיין ווערט.
די געבענטשטע הענט,
וואָס האָבן שטעט געשמידט
און טורעמס דער וועלט צושטעלט,
האָבן וואַקלדיקן, ווינטיקן, מיסטיקן לעבן
אבערגעפלאַנצט אויף לאַנד.

קלנגגט עס ווי אַ חלום,
ווי מעשות פון טויזנט און איין נאַכט;
פעלדער ליכטיקע פאַר אונדז צעשפּרייט,
אונדזערע האָובנס, ביילקעס און גוטע זיידעס,
אַקערן ניי לעבן אויף פרישׁ שמעקעדיקע ערד,
טוען זיך אַריין מיט לייב און לעבן,
וואַקסן צוזאַמען מיט די פעלדער.

.3

איז אונדז איצטער, ערד,
וואויל אויף דיין רונדן גרויס,
איינגעטוליעט אין דיין שויס,
ווי זויגלינג אין מאַמע ברוסט,
האָבן מיר איצט דיין ווערט דערוואוסט.
אונטער פרייע הימלען,
אויף פרישע פעלדער אונדזער טראָט,
אונדזער גאַנצער לעבן אַ נייעם תמצית האָט.
מיט אויסגעהונגערטע גלידער
שניידן מיר אַריין אין דיר
מיט ליבשאַפט פון דורות-לאַנג
אין אונדז פאַרשעמט געבליבן —
קושן מיר דיינע גלידער.
אויך דו, ערד,
מיטן זעלבן ענטפער אונדז.
צעבלי אַלע דיינע ברכות פולע שפע
פאַר אַלע, אַלע וואָס באַלעבן דיך.

# סאַן-בערנאַרדינאָ בערג

קייטן בערג, וויפיל יאָר האָט איר אַריינגענומען
ניט באַרירט פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד?
וויפיל וואַסערן זיינען דורך אייך דורכגעלאָפן,
געצוואָגן אייערע נאָדלדיקע האָר,
ביז דער מענטש האָט די שליטה איבער אייך געקראָגן?
אַרום אייער לייב אַרומגעשליינגלט וועגן,
הענגען די וועגן אַרום אייך ווי פּאָליצעס אויף ווענט;
קריכן אַלט און יונג איבער אייערע הויכן,
וואָס אַמאָל האָבן אָדלער נאָר געקענט דערגרייכן.
אייערע וואַסערן האָט מען געצאַמט
אין אָנבליק פון אַ גרויסן בער,
שפּיגלט זיך אין אייך אַ לויטערע די זון,
ווי פרייד אין געזונטע קינדער.
ווען אין יום-טוב קומען מידע,
טוליענען זיך אין לייב פון אייערע וועלדער,
דערגייט מען צו דער פרייד,
ווי פאַרוויגט אין מאַמע-שויס.
ווען איך לייג אויף אייך מיין קאָפּ,
און ניט-געצאַמטע ווינטן,
זינגען אין מיר סודות פון אונדזער נאָנטקייט,
צעבליען זיך אין מיר פאַר דאָס מייניקע די בענטשונג,
צום מענטשלעכן פאַרשטאַנד און כוח,
וואָס האָבן די שליטה געקראָגן איבער אייך,
אייערע וואַסערן געצאַמט,
שטיינער פון די וועגן אָפּגעראַמט,
אונדז דערהויבן איבער אייערע הויכן,
וואָס אַמאָל האָבן אָדלער נאָר געקענט דערגרייכן.

# אונדזערע וועגן

אונדזערע וועגן,
בערגיקע וועגן,
פון אַלע טאָלן זיינען מיר
צו די בערג דערגאַנגען.
אַרום צעפלאַקערטע פייערן
לעבן מיר אונדזערע חלומות.
איבערן וואַלד קלינגען אונדזערע טריט,
דער קלאַנג פון זיג קלינגט אָפּ;
הערט מען אונדז איבער גאָרער וועלט;
זעט מען אונדז איבער אונדזער אויפבוי—
מיר און זון — מיטן פנים צו דער וועלט.

איבער אונדז בליט דאָס לעבן.
אונדזערע אויסגעשטרעקטע הענט
וויקלען זיך אַרום פון לאַנד צו לאַנד,
מיר קלאַמערן צום האַרצן די וועלט.
פון אַלע טאָלן צו די בערג,
מיט אויפגעגאַנגענער זון,
אונדזער ווילן פון דער טיף,
אונדזער פנים צו דער וועלט.
מיר זיינען צו זיין.
מיר זיינען זיג.
ווי גאָלדענע גלאָקן פאַרקלינגען מיר דאָס לעבן.

# יאָסעמיטע טאָלן

אויף אוראַלטע בערג,
אין שטיין איינגעהאַקטע וועגן,
פון און פאַרן מענטשנס וועגן,
אַרויף, אַרויף צום הויכן,
די קעפּ פון די בערג צו דערגרייכן.

האַרט ביי די וועגן און ווענט
טראָגט זיך מיט אימפּעט
מערסעד טייך,
אָנגעגליט פון זון.
איבער אָנגעוואָרפענע שטיינער
זעט עס אויס ווי אינדיאַנער
וואָלטן אין אַ טאַנץ אַרויס.

קלינגט אָפּ אין די אויערן אַ געזאַנג,
וואַסערן טאַנצן מיט וואַסערן,
גיך, גיך, ווי קיפּלינגס פּאָעמע „שיך".
בערג — אַקסל אויף אַקסל,
קאָפּ אויף קאָפּ,
אַרום אַרומגעשרויפטע וועגן
כאַפּן מאַשינען דעם אָטעם ניט אָפּ.

ווי פלאַטערדיקע אַלבאַטראָסן
טראָגט מען זיך אַרויף
און אַראָפּ און ווידער אַרויף,
עפענען זיך טויערן און טירן אויף.

בלייבט מען פאַרגאַפּט
אַנטקעגן גאָטס וואונדער:
וואַסערפאַלן
גיסן, גיסן, גיסן,
נאַטור שטעלט אַנטקעגן
איר פאַרמעגן פאַר די אויגן.

שטיין און בערג און וואַסער,
בלויער הימל,
ווייסע וואַסערבלומען
אַ געזאַנג פאַר די אויגן,
אַ סימפאָניע פון בלויע פויגל.

אַז דאָס האַרץ זאָל פאַר שיינקייט
זיך ניט אָפּשטעלן,
מען זאָל פון וואונדער
פאַרשטיינערט ניט ווערן.
גיסן די אויגן
אַ רעגן פון טרערן.

יאָסעמיטע טאָלן!
ווער קען וואַגן
דיינע אוצרות צו מאָלן?
וועלכע ווערק מען זאָל פון דיר ניט שרייבן
וועלן דיינע טויזנט וואונדערס
אונטער שלעסער בלייבן.

## זאָג מיר, קאַפּיטאַן

זאָג מיר, קאַפּיטאַן:
דו ביזט געווען אין לענדער אַלערליי,
אפשר ווייסטו וואו דאָס לאַנד,
וואו מיין האַרץ בייִנקט אַזוי.

זאָג מיר, קאַפּיטאַן:
דו האָסט געזען מענטשן אַלערליי,
אפשר האָסטו מיין געליבטן וואו געזען?
עס בייִנקט מיין האַרץ נאָך אים אַזוי!

זאָג מיר, קאַפּיטאַן:
דו האָסט געטרונקען געטראַנקען אַלערליי,
אפשר ווייסטו פון אַזאַ געטראַנק,
וואָס קען שטילן אין מיין האַרץ דעם טיפן וויי?

## קינד מיינס...

קינד מיינס, איך קען דיינע גלידער
מיט קיין אייל ניט שמירן,
האַרטער לעבן פאַרלאַנגט פון מיר:
דיך גלייך אין לעבן פירן.

ביי די קעסלען, וואו ס׳גליט דער שטאָל
און ס׳פלאַמט דער אייזן;
ביי די מילשטיינער וואָס מאָלן —
אמת לעבן דיר באַווייזן.

כדי דו זאָלסט דיינע גלידער שטאַרקן,
דיינע מוסקולן שטאָלן,
און ווען נויטיק, ווי די מילשטיינער,
זיין גרייט אַלץ צומאָלן.

דיינע הענט ווי שטייפֿע האַמערן
זאָלן אי ברעכן אי בויען;
דאָס לעבן, קינד מיינס, פֿאַרלאַנגט אַזוי —
צו ברעכן און צו בויען.

## קייטן בערג

בערג, וואָס קייטלען זיך אַרום מיין שטאָט!
איך קייטלט מיין אומעט איין
אין אייער קייט.
שטום איך מיט אייך צוגלייך,
ווי די שאַרבנס אייערע אין ווינטיקע טעג
אַריבער די פֿערלמוטער־וואָלקנס —
מיין שטומער בענקען איבער אייך.
ווי פֿייערן אין אייערע טראַכטן —
דורותדיקער צער דורך מיר
האָט קיין אויסוועג ניט.
זוך טרייסט.
טוליע איך זיך אין אייך, מיין גלייכן,
קייטלען מיר זיך אין איין קייט.
וועט די בענקשאַפֿט דורך אונדז,
כאַפּן עס דיווירבלען אויף,
טראָגן עס אַוועק אין די שפּאַלטן פֿון צייט
אין צעבליטע פֿאַרנאַכטן,
ווען די זון גליט אויף אייערע קעפּ,
ברענט מיין בענקשאַפֿט
מיט אייך אין איין קייט.

# טענות

טענות,
ווי מאַמעס שטראָף־רייד
שניידן אין אונדז,
ווי אין אַלטע בוימער
טעמפּע זעגן.
נאָר מיר
קענען אַנדערש איצט ניט ווערן.
דאָס לעבן אַרום אונדז:
אַ מחנה ברוינע בערן.
איין קרומער טראָט —
מיר שטייען אין געפאַר
איינגעשלונגען צו ווערן.

טענות,
ווי הונגעריקע קינדער־געשרייען,
שפּיזן אונדז אין האַרצן.
מיר הערן,
נאָר מיר קענען איצט אַנדערש ניט ווערן.
דאָס לעבן אַרום אונדז:
אַ וואַלד מיט ווילדע לייבן.
איין קרומער טראָט —
און ס'פאַרצוקן אונדז די לייבן.

טענות,
ווי טראָפּנס רעגן
אויף צעשפּאָלטענע פעלדער;
ווי קושן,
ווען דורות פאַרוועבן.
נאָר מיר
קענען איצט אַנדערש ניט ווערן:
אַ צעפלאַקערטער וואַלד — אונדזער לעבן.

## צו וועמען זאָל איך בעטן?

צו וועלכן אָרון-קודש זאָל איך צופאַלן
און אויסשרייען מיין פּיין?
אַ רפואה בעטן און אַ ברעג
פאַר די וואָס מען לאָזט אין ערגעץ
ניט אַריין?

אפשר בעטן רחמים
ביים שטורימדיקן ים,
ער זאָל אַ טאַטע-מאַמע זיין
פאַר די וואָגלער פון מיין שטאַם.

און אויב חלילה מייניקע
אומקום איז באַשערט,
בעט איך ביי דעם שטורעם:
שלינג איינגאַנצן איין די ערד!

און צום הימל ווענד איך זיך:
באַשיץ זייערע טעג;
זאָל די בענטשונג אונדזערע
זיין פאַר זיי אַ ברעג.

צעזייטע און צעשפּרייטע:
מיר שטרעקן אויס צו אייך
אי האַרץ, אי האַנט —
אונדזער פלאַטערדיקע ליבשאַפט
זאָל זיין פאַר אייך אַ לאַנד.

# מיט יעדן טאָג

מיט יעדן טאָג
וויל איך פון דאָסניי
אָנהויבן מיין לעבן,
ווי געשטיקטע רויטע בלומען
אין ווייסן זייד,
מיט דער וועלט זיך פאַרוועבן.

ווי קערב מיט מאַראַנצן,
מיט וויינטרויבן און קאַרשן
אויף געדעקטע טישן —
זאָל יעדער טאָג פון מיין זיין
אין די ליידיקע קרוגן פון לעבן,
ווי ציענדיקער ווייַן זיך גיסן.

מיט דער הונגעריקער משפחה
אַרום איין טיש,
מיט ווייַן און מיט נים,
מיט אויבס צום גומען —
זאָל יעדער טאָג פון מיין זיין
ווי שפּייז צום לעבן קומען.

די וועלט זאָל מיר אונטער אַלע זיבן הויטן פאַרגיין,
ווי דער צער און די פרייד פון מיינע קינדער,
זאָל יעדע רגע פון מיין זיין,
מיין האַרץ אַ נאַקעטע דער וועלט צוקאָפּנס שטיין.

# ש אָ פּ ל י ד

אין דרויסן בלענדט די זון
און איך זע נאָר דעם שוואַרצן מאַנטל
אין מיינע גייענדיקע הענט.
דער טאָג איז ווי די זון צעברענט —
און איך מיט מיינע שכנים געצאַמט
אין ענגע, קאַלטע ווענט.

דורך די שויבן קעגנאיבער אויף אַ דאַך,
פּאָרן זיך טוליענדיע טויבן, זינגען זומערדיקע לידער.
מיין מידקייט, מיינע שכנימס בענקשאַפט —
ווי קראַנקע פויגל אין מיינע גלידער.

דורך די פענצטער ברענגען ווינטן
גאַס־סיגנאַלן:
מען זאָל זיך אָפּשטעלן אָדער ווייטער גיין,
ציט דאָס האַרץ ווי קינד צו מאַמען —
מיט אַלע אַרום מיר,
אין גאַס אויף זון צו זיין.

ליגט דער פרעמדער מאַנטל ווי אַ שוואַרצע נאַכט
אין מיין שוים פאַרשעמט.
די נאָדל, די שפּילקעס, די שער און זייד,
ווי מען וואָלט פון בענקענדיקע לייבער
בגדים גענייט,
באַטריפט מיט בלוט פון הערצער פאַרקלעמטע.

איך מיט מיינע געצאַמטע שכנים
צוזאַמענגעסטריגעוועט, צוזאַמענגעשטעפּט,
אין ליבשאַפט געקלאַמערט הענט אין הענט,
ווי אומזיסט געשלאָגענע קינדער—
שלוקערצן פאַרשניטענע לעבנס,
אויף די גרויע, קאַלטע, שטיינערנע ווענט.

## צ ע ר

װאָלסטו, צער,
געװען מײַנער נאָר,
װאָלט איך דיך אױסגעריסן,
װי אַ ערשטע גרױע האָר.

װאָלסטו, צער,
געװען נאָר פֿון מײַן הױזגעזינט,
װאָלט איך אַרום דיר געגאַנגען,
װי אַרום אַן אױסשיט אױפֿן צאַרטן לײַב
פֿון מײַן ייִנגסטן קינד.

ביסטו, צער, אין מיר
יעדערנס, אַלעמענס, װאָס איז ביז מיר געװען:
אין װעמעס אױגן איך האָב אַרײַנגעקוקט,
און װאָס איך װעל קײנמאָל ניט זען.

פֿון רונד אַרום —
צער אין מיר.
איז דאָך קײן װוּנדער ניט,
װאָס צער, װי אַ קלאַפּערשלאַנג,
רונדעט רונד אַרום מײַן האַרץ.

# מאַמע מיינע

מאַמע מיינע!
איך קען ווי דו קיין ליכט ניט בענטשן;
מיט עלעקטרישע לאָמפּן
איז דאָך ליכטיקער דער טיש.
צי בין איך גליקלעכער פון דיר —
דאָס ווייס איך ניט געווים.
מיינע קינדער,
זאַטער און פרייליכער,
ווי איך ביי דיין אָרעמען טיש.
צי בין איך גליקלעכער פון דיר —
דאָס ווייס איך ניט געווים.

***

מאַמע מיינע!
דו, אין ליכט־בענטשן,
מיט הענט איבער די אויגן
פלעגסט קומען צו אַנדערע וועלטן
פון צדיקים און גן־עדן.
איך בענטש ניט קיין ליכט
און פאַרשטעל ניט די אויגן.
פנים אל פנים
שטיי איך מיט אַנדערע וועלטן,
וואו אַלע וועלן צדיקים זיין.
פאַר טרערן וועלן מיר טרינקען וויין.
אויף שמחות וועט מען זיך מעשות דערציילן
פון איצטיקן פּיין;
פרייד וועט אויף אַלמען לויכטן,
ווי די שכינה אויפן רבינס טיש
אין קידוש־שעה.
אין מיטן פון קאַראַהאָד
וועט מיין האַרץ אַ נאַקעטע טאַנצן,
וואס אויך איך בין דאָ.

# זונטיק

זונטיק האָט די שטאָטישע חיה זיך פאַרגעסן ברומען,
ליגט מען שפּעט אין די בעטן מיט רו אַרומגענומען.
פאַרבריק־צונגען וועלן היינט דאָס בלוט ניט לעקן,
נאָר אין די ווינקלען פון קאַסטן לעבן
האַלטן זיך די וואָכעדיקע שרעקן.

אַז מען הויבט שפּעט אין טאָג זיך אויף,
גלייכט מען אויס דעם מידן גוף,
ברעכן נאָר צעבראָכענע די ביינער,
וואָס האָבן אַ לאַנגע וואָך געריבן זיך אָן לעבנס־שטייגער
און וועלן מאָרגן ווידער זיך דערלאַנגען.
צעקלאָגן זיך אין אַלע קאַמערן די באַנגען,
דאָס וואָכעדיקע הויבט אָן אין בלוט צו בייסן,
לאָזט מען זיך פון קאַסטן־היים אין קאַסטן־דרויסן.
ווערן גאַסן פול מיט זונטיקדיקע קליידער.
אין די שיינע קליידער וואוינען וואָכעדיקע לייבער.

איז שווער דעם טייוול זיך אינגאַנצן אָוועקגעבן,
זוכט מען יום־טוב אין די ווינקלען פון שדימדיקן לעבן.
און אַז דער שדים־לעבן האַלט די שטאָט אין וויגן,
מאָנט דאָס וויינענדיקע בלוט כאָטש אַ סימן יום־טוב קריגן.
נאָר בייזע מויל פון שטאָט מיט די לאַנגע צונגען
האָט יום־טוב׳ס ריינעם פּנים לאַנג שוין איינגעשלונגען.

## צום מאַן

קוק ניט מער אויף מיר
מיט שלינגענדיקע אויגן,
די ריפּ פון דיין לייב
האָט ביז דיין קאָפּ
זיך שוין דערצויגן.

צעבליטע פאַבריקן
האָבן מיינע צעפּ צעשאָרן,
אייזערנער לעבן
האָט געאַנקערט מיך אין זיינע אָרעמס —
בין איך אַן אַנדערע געוואָרן.

איך אייל ניט מער מיין לייב,
ווי מיינע ברוינע שוועסטער;
איך לאָז זיך ניט אין טאַנץ
ביזן האַרץ־פאַרקלעם.
דאָס לעבן נאָנט צום לייב
בייט איבער מיין געביין.

אין מיינע אָרעמס — מויערן פון שטעט,
מיין טראָט — קאָכעדיק און שווער.
דורך מיינע אויגן — וואָכעדיקע טעג,
דער האַרטער שטיין
פון פיליאָריקן גאַנג.

נאָר אַז איך דערלאַנג דער וועלט מיין האַנט,
פלאַטערן רויטע חופּות איבער קעפּ.
אונטער איין פלאַטערדיקע חופּה —
איך און דו
פאַרן יום־הדין פון לעבן.

## ריין און ווייס

פרעגסט מיך, פריינט:
וואָס בין איך אַזאַ ליכטיקע, אַ ריינע הײַנט?
וועל איך דיר זאָגן:
איך בין ערשט אַרויס פון ים פון פיין,
זיך אויסגעבאָדן.
עס האָבן כוואַליעס צער
מיר יעדן אבר אויסגעשלאָגן.
בין איך איצטער ריין און ווייס.
זעט די גאַנצע וועלט מיר אויס,
ווי אַ גרויסע, גרויסע הויז,
וואו מען טוט זיך אָן און מען טוט זיך אויס,
אין ים פון פיין אַריין, אַרויס;
כוואַליעס צער, ווי ווילדע פערד,
טראָגן זיך רונד אַרום דער ערד,
ווי היישעריקן גרייט —
שלינגען איין און שפּייען אויס,
ציכטיקן דאָס לעבן ריין און ווייס.

## ליידן

ליידן פון זיך אַליין,
איז לעבן אונטער זעק מיט זאַמד;
איז מען זיך אַליין פרעמד,
ווי אין ווינט אָן אַ העמד.

ליידן פון וועלט —
איז ווי אָן היים אין קעלט,
וואַרעמט זיך אין געוויטער-טאַנץ
פון פים און הענט.

ליידן פאַר קינדער,
איז ווי פלייש פון זיך שניידן,
און קיין בלוט זאָל ניט גיסן,
ווי די זון וואָלט זיך אויסגעלאָשן.

## איך וואָלט וועלן זיין...

איך וואָלט וועלן זיין ווי אַ בוים;
זיך ניט פרעגן,
אין זון צי אין רעגן,
ווי טיף די וואָרצלען און ווי הויך דער קאָפּ,
מיינע צווייגן זאָלן ווי מאַמע-הענט זיך לייגן
אויף יעדן מידן קאָפּ.

איך וואָלט וועלן זיין ווי אַ וואַלד
אין טיפן גרינען;
ווען הונגעריקע קינדער קומען מיך קלייבן,
זאָלן זיין אויף אַלע מיינע צווייגן,
ביז צו די וואָרצלען
מיך ווי יאַגדעס געפינען.

איך וואָלט וועלן זיין ווי אַ ים;
מיינע ברעגן זאָלן אין שטעט זיך געפינען,
אויף מיינע פלאַכן זאָלן קינדער שווימען,
אין מיינע גרונטן זאָל מען פערל געפינען.

איך וואָלט וועלן זיין ווי וואָלקנס
מיט פולקייט אָנגענומען,
ווען דער צעשפּאָלטענער לעבן מאָנט מיך—
זאָל מיין זיין ווי מאַי-רעגן קומען.

איך וואָלט וועלן זיין ווי פעלדער
מיט רייפע, גאָלדענע זאַנגען,
דאָס לעבן זאָל ווי ברויט מיך דאַרפן;
צו מיין שפע זאָל יעדערער דערלאַנגען.

איך וויל זיין ווי פרילינג:
צעבלומט, צעבינדט, צעזומט, מאָניק;
מיטן גאַנצן לעבן ווערן איינס,
ווי וואַקס מיט גאָלדענעם האָניק.

# זינגט-זשע!

זינגט-זשע, זינגט-זשע, קינדערלעך,
יוגנט איז געזאַנג;
אַז מען לעבט ניט יונגערהייט
טוט עס שפּעטער באַנג.

שפּרינגט-זשע, שפּרינגט-זשע, קינדערלעך,
שפּרינגט אַריבער שטריק;
יעדער טאָג וואָס גייט אַוועק
קומען וועט ניט צוריק.

טאַנצט-זשע טאַנצט-זשע קינדערלעך,
פלעכט זיך אויס אין קרענץ;
שמעקט דאָס לעבן — אייער זיין —
איר אַליין זייט טענץ.

לאַכט-זשע, לאַכט-זשע קינדערלעך,
לאַכן איז געזונט;
ניט געחלומט, ניט געטראַכט,
לאַכט און זייט געזונט.

שטיפט-זשע, שטיפט-זשע קינדערלעך,
שטיפן אזי כדאי;
ווי צו דעם, וואָס אָן אַ שטיף
דאָס לעבן גייט פאַרביי.

## מיין ליד

ווען איך דערפיל דיך, ליד, אין מיר,
ביסטו דער מייסטער איבער מיר.
נאָר אַז איך האָב דיך שוין אויפן פּאַפּיר,
הויב איך זיך אָן דינגען מיט דיר.

דינג איך זיך מיט אותיות,
קריג זיך מיט ווערטער,
און אין פילע ערטער,
וואו ווערטער ווילן זיך ניט רירן —
נעם איך זיי, ווי קינדער פאַר די הענט,
אויף מיינע וועגן זיי צו פירן.

אין גאַנג ברוגזן מיר זיך אָן,
ווי מיר וואָלטן איינס דאָס אַנדערע
געשטעלט אין קאָן.
קומט די ליבשאַפט, ווי אַ מאַמע,
קושט אונדז אויס די אויגן.
ווערן מיר זיך אַזוי נאָענט,
ווי מיר וואָלטן אונטער איין האַרצן געלעגן.

## צוזאַמען

באַזונדער
זיינען מיר זילבער,
צוזאַמען זיינען מיר גאָלד.
אַז מיר שניידן דורך
אונדזער גאָלדענעם איך
אינאיינעם
די וועלט צו געווינען —
ווערן מיר
אַ מינע פון דימענטן.

## צו דיר

איך וויל זיין
אין דיין בעכער דער וויין —
אויף שמחות זאָלסטו מיך טרינקען.

איך וויל זיין
די וועלשענע נים
אויף דיין יום־טובדיקן טיש;
די שאָלעכץ צווישן אונדז
זאָלן דיינע שטאַרקע ציין צעקנאַקן.

איך וויל זיין
דיין וואַרעמען מאָלצייט
נאָך דיין יעדן טאָג שווערע מי.

## מיט דיר

מיט דיר שיינט די זון ביינאַכט.
דיין בלוט צעבליט מיין בליאונג.
און דיינע ליפּן —
מאַראַנצן זאַפט פאַר מיין ברענענדיקן דאָרשט.
אין דיין קול —
אַלע אוצרות פון מיין פאַרמעגן.
אונדזער אייגנס ווערן —
שפּילעוודיקער וויין פון אַלע צייטן,
ברכות פאַר לעבן.

## איך און דו

איך, אַ מיידל פון ליטע,
דו, פון אוקריינע אַ זון,
האָט יוגנט געברענט מיט ליבע,
ווי אין מיטן זומער די זון.

האָבן מיר שלעסער געבויט,
געהאָפט אויף רעגן און זון;
זיינען טעכטער געבליבן אַ חלום,
די וואָר, אונדזערע טייערע זין.

דעמבעס פון האַרבסטן און פרילינגס
אין ווילדן וואַלד פון דער וועלט.
און מיר בויען אַלץ נאָך די שלעסער
פאַר אַ ליכטיקע ברידערלעכע וועלט.

מער און גרעסער פון אונדז,
די ליבע הייסער פון זון;
איך אַ מיידל פון ליטע,
דו, פון אוקריינע אַ זון.

## ברויט מיט זאַלץ

(אסתר שומיאַטשער, צו די „שעה'ען פון ליבשאַפט״)

איך האָב ווערטער געשלונגען,
געטרונקען לידער,
זיינען אויף מיר אָנגעפלויגן טויבן
מיט ליכטיקע בשורות פון פאַרבענקטע גלידער.
וואָס מער איך האָב געטרונקען, מער האָט געצויגן;
האָט אַ צעבליטער וואַלד מיך אין זיך אַריינגעצויגן.

בין איך אַ יונגינקע געוואָרן,
מיט ראָזעווע שיקסלעך פון פאַרליבטע אויגן
צייטיקע יאַגעדעס געקליבן.
אַז נאַכט איז צוגעפאַלן,
זיינען פאַר מיר אויסגעוואָקסן שטיינערנע בערג,
ביז צו די אַקסלען די לאַסטן.
האָבן אין מיר די גלידער אָנגעהויבן פרירן,
האָב איך געזוכט מיט די אויגן פון דער ערד די טירן.

זיינען מאַמע־הענט אַרום מיר אויסגעוואָקסן,
מיך געפירט צו ימען,
צו וואָגלדיקע שיפן,
מיט צעפלאַטערטע ווינטן, מיט וויגעדיקע מאַסטן,
האָבן אונדז מקבל־פּנים געווען לענדער
מיט הונגער און פאַרקריצטע ציינער;
האָט אונדז פעלקערס צער געזעגט אין די ביינער.
און אַז דאָס האַרץ אין מיר האָט זיך שיר ניט אויסגעריסן—
האָבן מיך ברענענדיקע ליפּן באַשאָטן מיט קושן,
מיר מילך און האָניק אין האַרצן געגאָסן.

האָבן זיך אונדזערע וואָגלדיקע שיפן אָנגעשלאָגן אָן ברעגן,
אין אַ לאַנד אַ ווייטן,
וואו אויך מיר גלייכן זיך מיט לייטן,
וואו איבער נאַכט זיינען אויסגעוואָקסן
איבער די קעפּ ווייץ און קאָרן,
וואו מיר ווערן איבערגעבאָרן.
מיט דער גאַנצער משפּחה ביי געדעקטע פעלדער,
פאַרברידערט, פאַרשוועסטערט, מיט דורותדיקע וועלדער,
בליען, גרינען זשומען בינען—
פאַרשיטן די וועלט מיט שמעקעדיק געהילץ,
מיט זון און מיט רעגן, מיט ברויט און מיט זאַלץ.

# מיר

אין די געבענטשטע די ברכה איז אַריין,
שפּילט דורך אונדז דאָס לעבנס ווײַן.

די געבענטשטע האָבן דערקענט דעם שטאָם,
ברויזט דורך אונדז דער לעבנס־ים.

פון קופּער איז געוואָרן גאָלד אומגעריכט,
זינגט דורך אונדז די זון לעבנס־ליכט.

מיר פירן פון צייט די באַנען הין און צוריק,
מיר זיינען די זיילן, דער אייזן פון לעבנס־בריק.

שטייגן, גרונטעוועוען די טיפן,
מיר, די פירער פון דער צייט די שיפן.

מיר זיינען די ימים פון צייט
פירן אונדזערע אינזשענירן דורית־ווייט.

אונדזערע צייטיקע פּאַנען פולבלוטיקע מיט ווײַן,
קומען זינגענדיקע זיגער אין לעבנס־שטאָט אַריין.

קינדער קומען אונדז אַנטקעגן בלוט פון אונזער בלוט,
די פעלדער פון דער זייט בליט דורך אונזער מוט.

מיר, די פּערל אויפן האַלדז פון צייט,
די אוצרות פון לעבן דורך אונדז דאָס לעבן בליט.

לעבנס־זון גייט אויף איבער אונדזער שטאָט,
מיר, פון צייט געהייליקטע, אונדזער זיין צען געבאָט.

# צו דער וועלט

מײַנע לידער פֿון מאַמען און זײַן
צו דער וועלט,
פֿאַר וועמען דער ליכטיקער מאָרגן
איז נאָך ניט פֿאַרשטעלט.

פֿאַר וועמען דער הײַנט
איז אַ צעאַקערט פֿעלד
פֿון נעכטנס קוועלנדיקן ברונים.
טרייסט־ווערטער,
שורות געפֿינען,
ווי זון אויפֿגאַנג אין באַגינען,
באַהעלן, באַווייסן,
די בלײַענע, פֿולווערנע חיות
וועלן די זון ניט צערײַסן.

שטערן וועלן בלײַבן שטערן,
מענטש אויף צעבלוטיקטער ערד,
זאָלסט מײַן ליד, מײַן האַרץ דערהערן,
ווי מיר ווערן הײַנט געפּײַניקט
און געקוועלט.
מאַך איך אַלץ נאָך ברכה
צו דער קומענדיקער באַפֿרײַטער וועלט.

## מיין אויסגעפּליקטע האַרץ

מיין אויסגעפליקטע האַרץ,
וואו ביסטו פאַרפלויגן ?
אין די וואַרשעווער געטאָ־ווענט.
גיב זיי מיינע הענט,
און קוש זיי אויף די אויגן.
נעם אַראָפּ פון זיי דעם בליי.
זאָג זיי צו :
אויך דאָס וועט פאַרביי.

און אפשר ביסטו, האַרץ מיינס,
אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער,
צעקאָפּנס אויף געלעגער
ביי די וואָס ליגן פאַרבלוטיקט
און געבונדן.
קוש זיי אויף די וואונדן
מיט ליפּן פון אַ מאַמען.
פאַרזיכער זיי,
אַז די שלאַנגען
וועלן זיך אליין פאַרסמען.

אָדער גאָר מיין האַרץ,
צי ביסטו אין ווילדן דזשאָנגל,
וואָס איז אַמאָל געוועזן הימל ?
דער זיבעטער הימל
איז אויך איצט אַ דזשאָנגל.
ווער קען וויסן :
אפשר האָבן די ווילדע חיות
גאָט אליין צעריסן.

אַ ניט, ווי וואָלט די וועלט
געקענט אָפּגיין אין אַזויפיל בלוט?
נאָר אונדזער גלויבן, אונדזער האָפענונג
איז שטאַרקער פון טויט.
מיר שווערן, די צעשפּאָלטענע פעלדער
וועלן ווידער ווערן געזייט.
נייע פרילינגס
וועלן איבערבליען דעם טויט.

עס קלאַפּט מיין האַרץ מיט יעדער ריר,
מיט אונדזערע טייערע אַרמייען,
עס זאָל זיך זיי איינגעבן
פאַריאָגן דעם טויט און געווינען דאָס לעבן.
וואָס האָב איך מער צו־צוטראָגן:
מיין איינציקער פאַרמעגן,
מיין אויסגעפליקטע האַרץ,
זאָלסט וואו מען דאַרף מיך טראָגן.

# גיהנם

גיהנם פון אַלע זייטן —
און איך פּרוביר
אויף גן־עדן עם בייטן;
איז גן־עדן אויף קייטן,
אויף שלעסער,
ווער איך אַ שליסל
צו קייטן און שלעסער.

שטאַרקער פון שטאָל
מער פון אייזן מוז איך ווערן,
אין אַלע פייערן ברענען
און פאַרברענט ניט ווערן.

אויף ברודיקע גרונטן,
קלענער ניט ווערן,
אַרויף מיט עמער פּערל.

פּערל איז געווען,
פּערל איז דאָ,
נאָר די מבינים
זיינען ניטאָ.

פּולווער איז זילבער,
בליי איז גאָלד;
ווי גאָט אַליין
וואָלט דעם חורבן געוואָלט.

מוז איך זיך שמעלצן,
מוז איך זיך בויגן,
ווערן אינגאַנצן אויגן,
דורכקוקן דעם בליי,
כדי זוכה זיין זען
אַז אויך דאָס וועט פאַרביי.

## מיין זון אין יונעפאָרם

עס פּאַסט דיר, מיין זון,
די קריג־יונעפאָרם,
ווי עס פּאַסט
דעם צפון דער דרום.

נאָך איידער דו ביזט געבאָרן,
מיין זון, מיין שענסטער חלום,
האָב איך געהאָפט אויף שמשון־הגיבור,
פאַר ליבע און פאַר שלום.

געוויגט דיין וויג מיט לידער,
געקושט דיינע גלידער:
אַז דו וועסט זיין אַ מאַן,
זאָל די וועלט שוין זיין פאַרברידערט.

נאָר וואָס מאַמעס האָבן געחלומט
און טאַטעס האָבן געטראַכט —
האָבן ווילדע וועלף
אויף שייטער אומגעבראַכט.

ווי גאָט וואָלט זיך אָן אונדז פאַרגעסן,
ווי די זון וואָלט זיך אויסגעלאָשן,
די ערד דורכגעווייקט,
די ימים מיט בלוט איבערגעגאָסן.

און דו ביסט אַ מאַן, און ביסט אַ ייד,
שמיד און גלי אָן מיט פייער אַ רוט,
טויזנט טויטן זאָל עס טראָגן
פאַר די פייניקער פון אונדזער ביין און בלוט.

דיינע טאַטן זאָלן זיין אַזוי גוט,
זאָלן ווערט זיין צו בלייבן אין ספרים,
ווי דער מזרח דעם מערב,
ווי דער צפון דעם דרום,
פּאַסט דיר, מיין זון, די קריג־יונעפאָרם.

# מיר פרויען

פריער פלעגן מיר, פרויען,
טראָגן מענערשע קליידער,
כדי צו באַווייזן
אונדזער פרוילעכקייט.

איצט טראָגן מיר, פרויען,
מענערשע קליידער,
כדי צו באַווייזן
מענלעכקייט.

מיר גיסן דעם שטאָל,
מיר שמעלצן דעם אייזן,
און וועלן באַווייזן
די וועלט צו באַשפּייזן.

מיר בויען די באַנען,
די טאַנקען און עראָפּלאַנען,
און פאַרשטייען איצט מער,
ווי מיר האָבן ווען פאַרשטאַנען.

די חיות
צו פאַריאָגן, פאַרטרייבן,
אַז הימל און ערד
זאָל אונדז נאָך פאַרבלייבן.

מיט חושים פון פרוי,
און ליבשאַפט פון מאַמען,
די וועגן פון וועלף
מיר פאַרצאַמען.

צוזאַמען מיט מאַן
און מיט ברודער
ביים רודער פון וועלט —
די זון זאָל ניט זיין מער פאַרשטעלט.

שטאָלצע מיר טראָגן דעם גורל
וואָס אונדז איז באַשערט.
מאַמעס צו זיין—
זאָל ניט זיין מער פאַרשטערט.

## היינט

איך וועל זיך שבֿעה ניט זעצן
נאָך מיינע יאָרן, מיינע נעכטנס,
וואָס זיינען פולע אָדער ליידיקע
אַוועק.
אויף דעם האָבן צייט אַלטע באָבעס
איינגעוויקלטע אין שרעק,
וואו דער היינט הענגט
אויף ביינערדיקע לייבער
ווי אַלטע זעק.

מיר איז דער היינט אַ געליבטער;
אין שטאַרקע אָרעמס נעמט ער מיך אריין,
טונק איך היינטיקן טאָרט
אין פיל־יאָריקן וויין.
מיין זיין, מיין נאָנטסטער פריינט,
איז דער עדות, אַז ס׳איז מיך מקדש
דער היינט.

# מיינע זין

מיינע זין,
זין פון מיין לעבן —
ווער קען אויפן וואָגשאָל לייגן
און וואָס איך האָב מיך אָנגעשלאָגן,
צוליב אייך, פאַר אייך געקירעוועט
די ביינער פון לעבן.

איך זאָלט מיר איבערוואַקסן,
איך זאָלט מיר איבערשטייגן;
צוליב אייך בין איך ווי אַ שטורם-פויגל
צו אַנדערע וועלטן געפלויגן.

איצט בין איך פון אייך
מיט צוויי קעפּ קלענער,
יאָגט די וועלט אירע וועלף אויף אייך —
מיין, פליייש, מיינע ביינער.

האָב איך אפשר געמעגט זיך שעמען,
מיינע זין מיינע ברידער!
ווען איך זאָל קענען וואָלט איך אייך צוריקנעמען
אין מיינע גלידער.

ניט ווייל עס איז דאָ אייך וואו צו באַשיצן,
וואו צו באַהאַלטן,
פולווער רעגן
אין אַלע ווינקלען, אין אַלע שפּאַלטן.

עס יאָגט אַ מבול פון בליי
אויף אונדזער לעבן, אונדזערע יאָרן.
לאָמיר שמידן די שיף
צו ראַטעווען די פּאָרן.

# מיין טאַטע

מיין טאַטע
פלעגט זאָגן תהילים,
לערנען משניות
און מאַכן פאַרטיקע מעבל,
און אַלע מלאכות
האָבן אים ניט געגעבן
קיין ברכות.

די מאַמע פלעגט
אויף אים מיט ליבע קוקן,
אין טיפן טרויער
מיט די אַקסלען צוקן.

ווען קינדער זאָלן
ניט דאַרפן עסן,
ניט קליידן,
וואָלט אפשר געווען
גענוג פאַר ביידן.

פלעג איך הערן,
ווי זי פלעגט זיך באַקלאָגן:
— אפשר אַ טישל, אַ בענקל
צום פאַרקויפן אַרויסטראָגן?

נאָר ביים טאַטן
זיין שאַפן געווען זיין גן־עדן,
פלעגט ער מיט די מעבל
זיך ניט קענען שיידן.
פלעגט ער מיט זיינע גוטע אויגן
אויף דער מאַמען קוקן
און זי פלעגט מיט פאַרטרערטע אויגן
מיט די אַקסלען צוקן.

## אונטער פיר אויגן

איך מיט מיין צער אונטער פיר אויגן,
האָבן זיך די הענט געגעבן, קיינעם ניט אויסזאָגן.
עס וועט אייגענער פיין וויניקער ניט ווערן,
צו וואָס איבערפולן פרעמדע קרוגן

איך וועל מיר באַנוגענען מיט אייגענע,
פריילעך, לוסטיק צו פאַרברענגען.
יעדערער באַזונדער און אַלע אינאיינעם
האָט געַנוג מיטן לעבן צו קריגן, זיך צו דינגען.

טאַנצן מיר און שפּרינגען. רעדט צו מיר
די דאַרינקע מיט ביינער דורך די הויטן:
דו מיינסט, דיר איז שלעכט —
איך וואָלט זיך גערן מיט דיר בייטן.

פון נאָענטן און פון ווייטן
ברענט אויף מיר די פעטינקע די אויגן:
נאַר וואָס דו ביסט,
פיין לאָזט זיך מעסטן, אָדער וועגן.

גיבן מיר צוויי פייגן פיר אויגן,
קיינמאָל ניט אויסגעשלאָפן,
זיי זאָלן זייערע הערצער אויסריידן,
וואָלט מען אין ווילדן וואַלד אַנטלאָפן.

עסן מיר און טרינקען, טאַנצן און לאַכן,
אין קאָלירטע קליידער און זיידענע זאַקן.
דערציילן זיך פליגלדיקע מעשות
איינער פאַרן צווייטן דעם צער ניט אָפּצודעקן.

# וואָס איך בין

איך בין דער גלות, איך בין דער ברען;
איך בין דער פּיין, איך בין דער קלעם.
איך בין די לוסט, איך בין די פרייד;
איך בין די חכמה פון די רייד.
איך בין דער באַרג און ברען אין זיך,
טריט ביי טריט שטייג איך איבער זיך.
איך בין דער וואַלד, וואָס רוישט אין מיר,
און בלאָנדזשע אַליין אין מיר...
איך בין די וואַסער-שלאַנג געדרייט,
די זאַפט פון אַלץ וואָס איז געזייט.
איך בין דאָס פעלד פול מיט קאָרן;
איך בין די שעה, די טעג, די יאָרן.
איך בין די בלום, פול מיט דופט,
דער וואָלקן-שוים אין דער לופט.
איך בין דער ים, די כוואַליעס און דער שוים,
איך בין דער צווייפל און דער טרוים.
איך בין די העלסטע זון, וואָס ברענט און בריט,
און דאָס אייזן, וואָס שמעלצט און גליט...
איך בין דערווירבל און דער שטורעם,
דאָס העכסטע פון דעם טורעם...
איך בין דער וואַנדער-שטערן אין רוים,
אַ זעגל-שיף אין ים פון מיין טרוים.

## משפחה לידער

מיינע באָבעלעך האָבן אוודאי ניט געטראַכט,
אַז אין ווייטע, אומרואיקע נעכט
וועט זיך אין מיר צעזינגען זייער ניגון.
זייערע גוטע פּנימער וועלן זיך מיר שטעלן
פאַר די אויגן,
און פון זייערע צעקנייטשטע גלידער
זאָלן דורך מיר זיך וועבן לידער.

עס וואָלט מיין יונגע מאַמע
האַרציק זיך צעלאַכט
און צום אמת זיך צענאָסן:
איך, אַ ניט-געדאַרפטע,
זאָל זי נאָר קיינמאָל ניט פאַרגעסן.
פון איר ליבשאַפט אין די תּפילות פון איר סידור
זאָל אין ווייטע טעג
אין מיר זיך וועבן לידער.

ווען מ׳זאָל מיין גוטן טאַטן
פון קבר אויפוועקן —
וואָלט ער זיך אויף טויט דערשראָקן.
איך, וואָס וויים אַפילו ניט וואו עס ליגן
זיינע ביינער, זיינע גלידער —
זאָל באַזינגען אים
אין שורות און אין לידער.

מיינע שוועסטער, מיינע ברידער,
מיינע פעטערס און מומעס;
מיין שיינע, אָרימע משפּחה,
וואָלטן מיך געשאָלטן, צי געגעבן זייער ברכה.
זיי, דאָס בלוט אין מיינע גלידער,
לאָזן מיך ניט רוען, לאָזן מיך ניט לעבן —
איך זאָל זיי דעם אויבנאָן
אין מיינע לידער געבן.

# נאָך מיין יונגן טאַטן

איך בין געוואַקסן
מיט גאָלדענע פּאַרטאָגן.
מיט אָפענע אויגן
פלעג איך קושן דעם טאַטן,
ווען ער פלעגט תהילים זאָגן.

זאָגן האָט ער געזאָגט
מיטן גאַנצן האַרצן,
יעדן פרימאָרגן די אייגענע דרשה
פאַר זיין הויזגעזינד,
פאַר כלל ישראל —
ער זאָל אים מצליח זיין
מיט געזונט און פרנסה.

זיין געזאַנג פּאָטערלעך,
געטריי און גוט;
זיינע תפילות
בליען אין מיין בלוט.

2

אין איינעם אַ טאָג
האָבן זיך ביי אונדז אין הויז
די ווענט געביטן.
דער גזלן, דער טויט
האָט פון אונדז דעם טאַטן אָפּגעשניטן.

איך הער מיין יינגסטן ברודער
נאָך מיין טאַטן קדיש זאָגן,
און דאָס האַרץ ווערט מיר צעריסן
פון מיין מאַמעס יאָמערדיקן קלאָגן.

זי טענהט און כעסט זיך אויף גאָט:
וואָס האָט ער צו אירע שוואַלבן געהאַט?
פאַר יתומים זיי געמאַכט,
אַ חורבן אויף איר בית־המקדש געבראַכט.

זינט דאַן האָבן האַרבסטן געביטן די בלעטער,
פרילינגס אָפּגעבליט —
נאָר מיין מאַמעס טענות
אין מיין בלוט נאָך בליט.

## ברוקלין עווענין

ווי בינען זשומען, פּענעס, דיימס,
קוואָדערס, דאָלערס איז מען אויסן;
טאָג און נאַכט יאַריד —
אַביסל אינווייניק, אַ סך אינדרויסן.

פון אַרומיקע גאַסן מיט בלומען
און גרינע לאָנען —
ווייבער, מענער, קינדער,
ווי ערשט אַראָפּ פון שיפן, פון באַנען.

כאַפּן מציאות, קאַרטאָפל מיט הערינג.
ביי ברוקלין עווענין, יידענעס און יידן,
אויף די וואָרצלען פון אויסגעהאַקטע פּאַלמעס,
צעווייטע פּאָלעס, ווינט־יאַרידן.

וואו ניט וואו אַ גרינער בוים פֿאַרבליבן,
מיט צווייגן טרויעריקע אויגן,
מיט פּנים צו דער ערד געבויגן,
קוועטשט מיט די פּלייצעס און גלויבט ניט די אויגן.

מאַראַנצןביימער פֿון נאָענטן אַרום
האַלטן זיך ביי די זייטן פֿון געלעכטער,
דערציילן זין און טעכטער, ווי מען האָט זיי געביטן:
אויפֿן אָרט פֿון בלומען זיינען אויסגעוואַקסן קלייטן.

קאַליפֿאָרניער ברענענדיקע זון
גיסט־צו וואָג און מאָס,
אין קיינעמס פֿאַפּירענע ביימלען
אויף גרינס און אין הערינג פֿאַס.

נאָר אין דער שעה, ווען טאָג און נאַכט
מיט די ראָלן זיך בייטן,
דערציילט מיר אַ בוים, אַן אַלמן,
שטייען אויף פֿון די קברים די פֿאַלמען.

מיט צעלאָזטע צווייגן און ווינט אין די האָר,
לאַכן זיי און וויינען, אַרום די פֿעסער זיי טאַנצן.
וואָס האָט מען צו זיי געהאַט! פֿאַר וועלכע זינד
האָט מען נאָך זייערע קעפּ צעשטעלט קלייטן קראַנצן.

## דער אַרבעטער דיריגענט

איך ווייס ניט וואו איז געשטאַנען דיין וויג,
ווי ווייך איז געווען דיין בעט;
דיין קול זאָגט: דאָס לעבן איז מיט דיר אין קריג,
קיין זיידענע הענט האָב דיך ניט געגלעט.

דיין האַרץ צו מיר רעדט,
דיינע פלאַטערדיקע פליגל-הענט — אַ געוועט,
אָפּכאַפּן, אָפּנעמען, וואָס אי זנאָך ניט צו-שפּעט;
זינגסטו, זינגען דאָך דיל און ווענט.

סוף-כל-סוף וועט זיך איינגעבן,
פאַרלירן קענען מיר דעם פּיין,
געווינען די פרייד אין לעבן.

דיין כאַר — אַ בוים אין וואַלד פון כאָרן,
די פרוכט פון די שבועה פון די יונגע יאָרן;
געזאַנג פון געזאַנגען, אונדזערע פאַרלאַנגען.
מיר זיינען ווידער יונג איבערגעבאָרן.

דיין האַרץ דורך דיינע פליגל-הענט
צו אונדז געווענדט, דיינע כוונות;
געזאַנג פון אַלע געזאַנגען — אונדזער חלום;
מענטש צו מענטש פון גליק און שלום —
אונדזערע סימפאָניעס.

## אין גאָלדענעם פאַרגאַנג

אין מיינע זיבן הימלען ביינקשאַפט
האָב איך דיר באַזעצט,
מיט ליכט פון זון.
מיט ליבע פון מילך־וועג
דערצויגן אונדזערע זין.

מיינע זומערס האָבן געפלאַטערט
ווי אַ ברענענדיקער וואַלד,
אַלע טאַטעס
זיינען פאַר מיר
דיין געשטאַלט.

איצט אין זילבער פון ווינטער
האָב איך ווי אין אַ שפיגל דערזען
מיינע חלומות, בין איך מיט דיר געווען.

ווען גאָלדענער פאַרגאַנג
וועט אָנקלאַפּן אין טיר,
שלאָפן לייגן
מיר צו דיר;
זאָל ירושה בלייבן
פרילינג אונדזער זיין,
אונדזער גלויבן,
אונדזער ליבע, אונדזערע זין.

# א י נ ה אַ ל ט

